ביכער פערלאַג „די וועלט“.

וו. מעדעם.

# די נאַציאָנאַלע פֿראַגע און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.



ווילנא.
דרוקערײ פון ווטווע און געברידער ראָם.
1906

В. Медемъ.

Національный вопросъ и соціалдемократія.

Типографія «Вдова и братья Роммъ», Вильна, уголъ Духовскаго и Глухого пер. соб. домъ № 1/2.
1906

# די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די נאַציאָנאַלע פראַגע.

בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געגעבען בלא ספק ווייניגער, איידער אין אַנדערע וועלכע נים איז וויכטיגע פּאָליטישע פראַגען. בעת די בורזשואַזע געלעהרטע, פּאָליטיקער און זשורנאַליסטען האָבען בעשאַפען בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע אַ מורא'דיג גרויסע ליטעראַטור, וועלכע הערט נים אויף מיט חשק צו ענטוויקלען, פערטיפען און פּראָפּאַגאַנדירען די בורזשואַזע אַנשויאונגען, בעשעפטיגט זיך מיט דיזער פראַגע די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּרעסע אין נים אַנ'ערך קלענערען גראַד און פערנעמט אַ קליינע צאָהל ווערק, וועלכע פּראָבירען צו פאַנאַנדערקלייבען זיך אין איהר ערנסט און גרינדליך. דיזע ווייניגע ווערק האָבען בשום אופן נים געזאָגט דעם לעצטען וואָרט אין דיזער פערוויקעלטער און שווערער פראַגע, אויף שרים און טריט בלייבען נאָך עד היום אונענטוויקעלט פון ריין סאָציאַל־דעמאָקראַטישען שטאַנדפּונקט נים אַזוי די פּרטים פון דער קאָנקרעטער פּראַקטישער פּאָליטיק, ווי איינציגע אַלגעמיינע בעגריפען, די אויסגאַנגס פּונקטען, וואָס בילדען דעם יסוד אין דער שטעלונג פון דיזער פראַגע; עס איז פּשוט אונאַנגענעהם צו הערען, ווי אין דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער ליטעראַטור געפינען אַנ'אָבקלאַנג די בעגריפען און שטימונגען, וועלכע הערשען אין דער בורזשואַזער וועלט און וועלכע לייגען זיך דורך אַ וועג אין דער מחנה פון פּראָלעטאַריאַט דורך דיזער שוואַכער טעאָרעטישער פעסטונג זיינער; אַנ'אָבקלאַנג, וועלכער לאָזט זיך הערען אַ מאָל אין נאַציאָנאַליסטישע נגונים, אַ מאָל אין אַסימילאַטאָרישע שטימונגען, אַ מאָל אין דער טערמינאָלאָגיע און לאָזונגען, וועלכע טראָגען אויף זיך דעם בורזשואַזען שטעמפּעל, אַם תחלה, מען קען זיי אָנרופען אידעען־אונציכטיגקייט, וועלכע קומט דערפון, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט נאָך נים ווי נויטהיג איבערגעאַרבעט פון איהרע [illegible] און פּרינציפּען די

אלטע בורזשואזע שמאטעס, און וועלכע נויטיגט זיך, אז מען זאל איהר היבשע מאל טובל זיין אין פראלעטארישען וואסער, — אט דיזע אידעען=אונציכטיגקייט וואקסט ניט אזוי פון דער פערוויקעלטקייט און פערפלאנטערטקייט פון דער פראגע גופא; — די פערוויקעלטקייט און פערפלאנטערטקייט מאכען נאר שווער צו געפינען א קאנקרעטע פארם פאר א תשובה אויף די פראגע, זיי קענען אבער ניט שטערען ריכטיג צו שטעלען איהר, אז זי זאל זיך געפינען אין איינקלאנג מיט דעם אלגעמיינעם פרינציפיעלען שטאנדפונקט; דאס האט אין פלוג געזאלט זיין גרינגער שוין צוליעב דעם, וואס דער אלגעמיינער שטאנדפונקט גיט ביז צו א געוויסען גראד אנ'ענטפער אויף די פראגע. ניט אזוי פון דער פערוויקעלטקייט, זאגען מיר, וואקסט דיזע אונציכטיגקייט, ווי דערפון, וואס דער גרעסטער טייל פון דער סאציאל-דעמאקראטיע האט געשיינקט וועהניג אויפמערקזאמקייט דיזער פראגע.

די נאציאנאלע פראגע פון אונזער צייט איז אוועקגעשטעלט געווארען פון דער בורזשואזיע. די בורזשואזיע האלט זי נאך עד היום אין איהרע הענד; די עקאנאמישע אינטערעסען איהרע דרינגען איהר ארויסצושטעלען דיזע פראגע; זי לייגט אויף איהר ארויף א פעסטען שטעמפעל, פערקניפעלט איהר מיט א שטייפען קניפעל מיט א גאנצען בינדעל הבלים, שטימונגען, אנשויאונגען, סימפאטיען, וועלכע שטעהען בעצם אין א הפך צו דער ריינער, קלארער אידעאלאגיע פון פראלעטאריאט און וועלכע זענען שעדליך דער סאציאל-דעמאקראטיע. דער נאציאנאלער קאמפף ווערט געפיהרט פון די פערמעגענדע קלאסען, זיי שפיעלען אין איהם די ערשטע פיעדעל, וועלענדיג אויסרעכענען צווישען זיך זייערע געלד=חשבונות — און דאס ערקלעהרט אונז פסיכאלאגיש, פאר וואס דאס רוב סאציאל-דעמאקראטען האבען נאך ניט לאנג געזעהען ווי עס איז ארויסצומאכען זיך פון יעדען אנטהייל אין דיזען נאציאנאליסטיש-בורזשואזען שווינדעל, וועלכער נעהמט ביי'ם פראלעטאריאט אלץ און קעהרט איהם אום אלס שכר ניט מעהר ווי שאוויניסטישע געפיהלען. א סך און א כך סאציאל-דעמאקראטען זענען געניגט געווען צו דער מיינונג, אז די נאציאנאלע פראגע איז בלויז א פראגע פון פערשיעדענע נאציאנאלע בורזשואזע גרופען, וועלכע רייסען זיך איינע מיט די אנדערע, א פראגע וועגען א קאמפף „איינעם אויף איינעם", און

וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַ דריטער צד, וואָס שטעהט פון אויסען, איז אויף אַ האָר ניט פעראינטערעסירט, דאַרף קיין שום אַנטהייל ניט נעהמען.

דאָס ערקלעהרט ביז צו אַ געוויסען גראַד, פאַר וואָס די סאָציאַלדעמאָקראַטישע קרייזען האָבען זיך וועהניג וואָס אינטערעסירט מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע, דאָס ערקלעהרט, — אָבער עס פערענטפערט נאָך בשום אופן ניט און דער פאַקט בלייבט דאָך אַלץ אַ פאַקט: די פראַגע איז ניט ענטוויקעלט געוואָרען פון דעם סאָציאַלדעמאָקראַטישען שטאַנדפונקט, די בורזשואַזע פאָרשטעלונגען פערדעקקען איהר מיט שטויב ווי פריהער, ווי פריהער לייגט אַרויף די בורזשואַזע אידעען־וועלט אויף דיזער פראַגע איהר רעאַקציאָנערען שטעמפּעל — אַנ'אָבשפּיגלונג פון די קלאַסען־שטרעבונגען פון די' אָדער יענע שיכטען, וואָס געהערען צו די פערמעגענדע קלאַסען.

מיר וועלען פערזוכען צו כאַראַקטעריזירען דיזע אידעען־וועלט אין צוזאַמענהאַנג מיט איהר קלאַסען־יסוד.

אין דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע געפינען מיר צוויי פערשיעדענע — לכל הפּחות אויפ'ן ערשטען בליק — אַרטען אַנשויאונגען, וועלכע מישען זיך אָפט משונה'דיג צונויף, אַסימילאַציאָנס־שטרעבונג פון איין זייט, נאַציאָנאַליזם פון דער צווייטער זייט.

דער נאַציאָנאַליזם האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסען איבער אַלע פעלקער; די אַסימילאַציאָנס־שטרעמונג איז לפי ערך אַ זעלטענע פרי. ערגעץ האָט זי ניט פאַנאַנדערגעבליהט אַזוי שטאַרק, ווי אויפ'ן אידישען באָדען; אָט דאָ וועלען מיר זיך סטאַרען אויס־צופאָרשען איהר.

די גרויסע איבערקעהרעניש אין דער אינדוסטריע, וועלכע האָט ליקווידירט די מיטעלאַלטערליכע עקאָנאָמישע אָרדנונג, האָט געבראַכט אַ נייע עפּאָכע פאַר די קאַפּיטאַליסטישעווירטשאַפט; אַנשטאָט דעם אַלטען, פערגליווערטען אין די פּאַרציעטיגע פאָרמען לייב־אייגענטהום, וועלכער האָט זיך געסטאַרעט אַריינצופרעסען די ניי־געבאָרענע פערהעלטניסען אין דער אָבגעשטאָרבענער טראַדי־ציאָנעלער אָרדנונג, האָט די אויפקומענדע בורזשואַזיע בעשאַפען אַ נייע וועלט. זי האָט צובראָכען די אַלטע צוימען, חרוב געמאַכט די ראַגאַטקעס, צוריסען די קניפּלעך, וואָס האָבען געשטערט איהר

פרײַער ענטוויקלונג און האָט פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ פון פאָלשטענדיגער פרײַהײַט פאַר דער ענטוויקלונג פון די צײַטיג-געוואָרענע עקאָנאָמישע קרעפטען. די נײַע אינדוסטריע, אַ שטאַרקע און בּערעש'טע, האָט געפאָדערט פאַר זיך אַ פרײַען שטח; זי האָט פּראָטעסטירט געגען אַלע מינים צוימען, איז געווען פלאַם פײַער געגען יעדע יוריסטישע אונגלײַכהײַט, געגען יעדער פּריווילעגיע פון שטאַנד, רעליגיאָן אָדער נאַציאָן. איהר אידעאַל — די פרײַע קאָנקורענץ פון פרײַע בּעלי-בּתים, רײן פון וועלכע ניט איז רעכט-ליכע שטערונגען; זי בּעדאַרף אַ רײנעם עקאָנאָמישען קאַמפּף פאַר'ן לעבּען, וועלכער זאָל ניט זײַן פערוויקעלט דורך זײַטיגע עלעמענטען. ווער „עס טויג צו דער וועלט" — יענער זאָל מנצח זײַן; דער שוואַכער מוז געהען צום גרונד. זי האָט געחלומ'ט פון סתם יחידים אין דער מענשליכער געזעלשאַפט, אָהן אַ שום שייכות צום שטאַנד, אומה, נאַציאָן און ראַסע, דער אַבּסטראַקטער „בּירגער און מענש" איז געווען פאַר איהר דער יסוד פון דעם געזעלשאַפטליכען אָרגאַניזם.

אויך דער טראַדיציאָנעלער יודענטהום, דערפיהלענדיג דעם היות פון דעם בּורזשואַזען פריהלינג, האָט אויפגעהויבּען די קאָפּ און גענומען אַרויסקוקען פון זײַן לאַנג-יאָהריגען געטטאָ. די שטענדיגע בּריות אויף „אָבּצושפּאָרען" און אָנצוקלײַבּען מזומנים, די פיאָנערען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, האָבּען זיך פּשוט כּחיה געווען אין דער נײַער לופט פון דעם בּורזשואַזען לעבּען. די נײַע קאַפּיטאַליסטישע וועלט האָט זײ שעהן מקבל פּנים געווען. אין אײנעם מיט די ווענד פון בּ א ס ט י ל י ע זענען אײַנגעפאַלען אויך די ווענד פון דעם געטטאָ, די אידען זענען געוואָרען בּני-חורין, און האָבּען זיך אַרײַנגעלאָזען אין די ווילדע קאַפּיטאַליסטישע מהומה, וועלכע מעקט אָבּ די אַלטע פערשיעדענהײַטען, וועלכע מאָבּיליזירט „הכל באשר לכל", לאָזט פאַנאַנדער די אַלטע געזעלשאַפטליכע גרופּירונגען און פערבּינדט נײַע קניפּלעך.

אין אַ סיסטעם, וועלכע מאַכט ניט קײן חילוק צווישען שטאַנד, רעליגיאָן און אמונה, אין וועלכער אַלע מענשען זענען סתם בּירגער, האָט דער איד אויך געקענט געפינען אַנ'אָרט און אויפהויבּען אַ קאָפּ; אויסער דעם תחום פון זײַן רעליגיאָן און נאַציאָנאַ-ליטעט איז דער איד אויך אַזאַ וועלט-בּירגער, ווי דער דײַטש און פראַנצויז. דער איד איז אויך געוואָרען „כשר" און האָט ממילא זיך

געקענט צושרייבען צו דער משפחה פון די נייע בעלי־דעות איבער דער וועלט־סצענע, וועלכע עס האט אנגענומען אין דער פראקטיק יענעם לאזונג, וואס ג׳וזא האט שפעטער פארמולירט מיט די ווערטער: „סטארעט זיך רייך צו ווערען!"

עס זענען איינגעפאלען די וואנד פון געטטא, עס זענען בטל געווארען די סאציאלע פארקאנעס. נאר דער אפקלאנג פון דער אלטער פסיכאלאגיע האט נאך צו שטארק געהילכט ביים אידען אין הארצען; עס איז נאך צו שטארק געווען איינגעפאקען דער ביטערער נסיון פון א סך יאהרהונדערטען, צו טיעף איז נאך געווען איינגעווארצעלט דער חשד געגען יענע, וועלכע האבען זיי נאך ניט לאנג פערפאלגט און פעריאגט. אגב האט מען נאך איצט אויך געקענט בעמערקען בייזע סימנים: ניבען דער קאסמאפא־ליטישער מענשענליעבע, וועלכע עס האט געזעהען אין דעם אידען א גלייכען וועלט־בירגער, האט זיך דא און דארטען ארויס־געוויזען די לאנגאניגע שנאה צו אידען מיט אלע איהרע געוועהנ־ליכע „כלי זין", די שנאה, וועלכע עס האט אפילו צייטענווייז געבראכט צו פאגראמען. ווען די אידען זענען אפילו אין עקאנא־מישען פרט געווארען גלייך מיט אנדערע פעלקער, פונדעסטוועגען האבען זיי דאך ניט אימעטום בעקומען די גלייכע יוריסטישע רעכטען, ווי זייערע שכנים. / די בורזשואזיע, וועלכע איז געווען בעגייסטערט פון דער רעוואלוציע און מלא שמחה פון איהר נצחון, האט געשיינקט פון יושר וועגען אלע רעכטען די אידען: אבער דיזע געשיינקטע רעכטען האבען זיך געהאלטען אויף א האר; מען האט זיי ניט דערגרייכט דורך א קאמפף, מען האט זיי בעקומען במתנה, ניט בכח, נאר „ברוח", אין דעם נאמען פון דעם הויל’ען פרינציפ פון גלייכהייט. אין דער פריהלינגס־לופט פון דער עמאנ־סיפאציע האט דעם אידען נאך געשווידערט פון דעם אמאליגען שווערען ווינטער. פערזארגענדיג פאר זיך א גלייכען חלק אין דער רייכער סעודה פון דעם קאפיטאליזם, האט ער, דער אלטער בעל מסופק, געפיהלט, וואס פאר א הילוק עס איז צווישען איהם, דעם „גר", און צווישען דעם „תושב". דער בורזשוא דער תושב דער־פיהלענדיג זיין מאכט, האט מיט גדלות אויפגעהויבען דעם קאפ; ער האט גענומען פאר זיך „זיינע" רעכטען פון א וועלט־בירגער, ער האט זיי אבגעהיט און אויסגענוצט, בלייבענדיג דער זעלביגער פראנציז

און דײַטש; דער איד, אַ ציטעריגער און אַ דערשלאָגענער, װעלכער איז געװאָהנט, אַז מען זאָל איהם שפּײַען אין פּנים אַרײַן און װעלכער האָט דעריבער אַלײן אָנגעהױבען צו שפּײַען אויף זײַן אײגענע נאַציאָן, האָט ניט געפונען קײן אַנדער װעג אויף צו פערװאָרענען זײַנע רעכטען, װי נאָר אָבצװאָגען זיך פון זײַן נאַציאָ=נאַלער אײגענטהימליכקײט; כדי צו װערען אַ װעלט=בירגער, האָט ער געדאַרפט װערען אַ פראַנצױז, אַ דײַטש, און אַז. װ.

די לאַגע איז געװאָרען אַ צװײ=זײַטיגע. פון אײן זײַט איז דער סאָציאַלער תהום צװישען דעם אידען און קריסט ניט אַזױ ברײט װי פריהער, אין מיטעלאַלטער: די נײַע עקאָנאָמישע אָרדנונג האָט אױסגעבױט טױזענדער בריקען צװישען זײ. דער כעס און האַס געגען זײַנע פערפאָלגער, װעלכע עס האָבען געטריבען דעם אידען אָבקעהרען זיך פון אַלץ, װאָס איז געלעגען אַ חוץ פון דעם אידישען תחום און פערשפּאַרען זיך אין די ד׳ אַמות פון זײַן געטטאָ, — דיזע געפיהלען זענען שװאַכער געװאָרען. עס איז מעגליך געװאָרען צונױפצוגיסען זיך מיט דער אַרומיגער בעפעלקערונג.

פון דער אַנדער זײַט האָט די אַרומיגע װעלט געצױגען צו זיך. דאָס איז געװען דער מורא׳דיג גרױסער, רײַכער מאַרק, קוקענדיג אויף איהם, האָבען גענומען ברענען די אויגען בײַ דעם לאַנגאָניגען כאַפּער־בורשיאַ, מען דאַרף זיך פערװאָרענען אַ חלק „לויתן", פערכאַפּען אַנ׳אָרט אויף דיזען מאַרק. נאָר דערצו איז װעניג צונױפצוגיסען זיך, מען דאַרף זיך אַסימילירען. מען דאַרף ניט נאָר צובערעכען די צױמען, עס טאָר קײן זכר ניט בלײַבען פון אַלע פערשידענהײטען, ס׳מוז פערגעסען װערען אַלץ, װאָס ס׳קען אױפדעקען דעם אידישען אונטערשלאַק פון אונטער דעם אַלװעלט=ליכען איבערשלאַק, מען מוז אָבמעקען אַלץ, אָן װאָס ס׳קען זיך אָנכאַפּען דער אױפגעװאַכטער פון זײַן ליבעראַלען דונסט דער „תושב"=בורשואַ, — אָנכאַפּען זיך און ניט דערלאָזען צום „לויתן". די פּסיכאָלאָגיע פון דיזען שװאַכען און געלדיעריגען בורשואַ האָט בעשאַפען דעם לאָזונג: אַסימילירט זיך!

אַסימילירט זיך! דאָס הײסט װאָרצעלט אױס אַלץ, דורך װאָס מען קען דערקענען אין דעם „װעלט־בירגער" דעם אידישען היבן. אַסימילירט זיך! — דאָס הײסט, װאַרפט אַראָב פון זיך און זעהט מיט אַלע כחות פּטור צו װערען פון אַלצדינג, װאָס עס

אונטערשײַדעט אײַך פֿון אײַערע מיטבירגער פֿון אַנ׳אַנדער נאַציאָן. די רעליגיאָן איז אײנע פֿון דיזע אונטערשיעדען — נידער מיט דער תּורת משה, און עס לעבע דאָס קריסטענטהום! די ע״פּ־אַך איז אַ חילוק צווישען דעם אידען און ניט אידען — נידער מיט דער שפּראַך, מען דאַרף איהר אַרײַנלעגען אין חרם! די מנהגים, די מלבושים, די מאַגערען זאָגען עדות אויף אײַער אָבשטאַמונג — מען מוז זיך סמאַרען מיט אַלע כּחות פּטור צו ווערען פֿון דיזע אײגענטהימליכקײטען, איבערנעהמען פרעמדע מאַנערען, אָנטהאָן בּגדים ווי די אַרומיגע שכנים.

אַסימילירט זיך! פֿערגלײַכט זיך צו אַנדערע! לײקענט אָב אײַער אָבשטאַמונג, לאַכט אָב פֿון אַלץ, וואָס עס טראָגט אויף זיך דעם אירישען שטעמפּעל, שפּײַט אויס דרײַ מאָל, ווען איהר הערט רײדענדיג דעם „שמוציגען״ זשאַרגאָן, שרײַט אומעטום, קלאַפּענדיג זיך אין האַרצען ווי צו „על חטא״, אַז עס איז ניטאָ קײן אידישע נאַציאָן, אַז די אידען זענען ניט קײן נאַציאָן, נאָר אַ רעליגיעזע חברה.

אַסימילירט זיך! ווײַל נאָר אויף אַזאַ אופן וועט איהר קענען בעקומען אַ גלײַכען פּעטען חלק, ווי די „תּושבים״־בורזשואַ. און דעריבער — נידער מיט די אײגענע מידות און מנהגים, עס לעבע די פרעמדע!

דער געוועהנליכער מאַסשטאַב פֿון קולטור און פּאָליטישע ניטער; די שטענדיגע וואָגשאָהל אויף אָבצוּוועגען, וואָס עס איז גוט און וואָס עס איז שלעכט פֿאַר דער געזעלשאַפט — זײַ טויגען שוין מעהר ניט: עס מוז פֿון דאָס נײַ אַלץ איבערגעשאַצט ווערען; דערצו איז דאָ אַ שפּאָגעל נײַער אַסימילאַטאָרישער מאַסשטאַב: אַלץ, וואָס עס געהערט יענעם, איז גוט, ווײַל עס געהערט יענעם, די אײגענע טויג אויף כּפּרות, ווײל דאָס איז אײגענע.

די זעלביגע קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג, וועלכע עס האָט בעשאַפען די אַסימילאַציאָנס־שטרעבונג, האָט נעבאָרען אַנ׳ענטגעגענגעזעצטע (אין אַ געוויסען זין נאָר) ריכטונג: דעם נאַציאָנאַליזם.

די פֿערהעלטניסען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, וואָס האַלטען זיך אין שטענדיגען ענטוויקלען, האָבען בעשאַפען נײַע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזמען. עס האָט זיך דעמאָקראַטיזירט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען, די פּאָליטיק, די קולטור, עס האָט

זיך אײַנגעשטעלט אַ פעסטע פערבינדונג צווישען אַלע בעזונדערע טײלען פון דער הײַנטיגער געזעלשאַפט; דיזע טײלען, פערלירענדיג זײער זעלבסטשטענדיגקײַט, זײער אָבגעזונדערטקײַט, האָבען זיך גענומען צונויפוואַקסען אין אַן'אײנאײנציגען אָרגאַנישען קערפער, עס איז געבאָרען געוואָרען די נאַציאָנאַליטעט אין הײַנטיגען זינען.

די פאָלקס-אײגענטהימליכקײַטען, וועלכע עס האָבען זיך אויסגעדריקט אין די אײגענטהימליכע מידות, מנהגים, שפראַך, זענען ביז איצט געלעגען פערבאָרגען אין די אונטערשטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, צוגעדעקט מיט דעם אײנפאַרביגען דעקטוך פון דעם אַלגעמײן-אײראָפּעאישען מלוכה-שטײַגער; אָנקלײַבענדיג זיך אַלץ מעהר און רײַסענדיג זיך אַלץ אַרויף, האָבען זײ זיך סוף כל סוף דורכגעשלאָגען, אַרויפגעלײגט זײער שטעמפעל אויף דער מלוכה-דעקעל און קולטור, וועלכע זענען ביז איצט געוועזען גלײַכאַרטיג, האָבען אָבגעפאַרבט די מלוכה אין נאַציאָנאַלע קאָלירען, האָבען בעשאַפען נאַציאָנאַלע פּאָליטישע אינדיווידואַליטעטען. אָט דיזעם אַרויסטרעטען פון די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזמען אויף דער בימה פון פּאָליטישען לעבען האָט נאַטירליך ניט געקענט פּאָרקומען אָהן סכסוכים און מהומות. פערשידענע נאַציאָנען זענען דורך אַ זײַטיגער קראַפט- דורך מלחמות, „חלוקות", פערכאַפּענעש — צונויפגעפּרעסט געוואָרען אין אײן פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע; אַנדערע נאַציאָנען זענען צוריסען געוואָרען אויף אײנצעלנע חלקים; אײניגע פון זײ האָבען געלעבט זעלבסטשטענדיג, אַנדערע זענען צונויפגעקיטעוועט געוואָרען פון פערשידענע אומות. דאָס צונויפקיטעווען מיט געוואַלד האָט מיט געבראַכט אונטערדריקונג און פעריאָכונג; אָבער די געוואַלד-מיטלען האָבען אַרויסגערופען דעם גײַסט פון מרידה. ניט אומזיסט האָט מען דעם 19-טען יאָהרהונדערט אַ נאָמען געגעבען דער יאָהרהונדערט פון נאַציאָנאַליטעטען. דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף איז פול אויף די בלעטער פון זײַן געשיכטע; עס הויבט זיך אָן אַ לאַנגער פעריאָד פון סכסוכים און מחלוקות.

די בורזשואַזיע פערנעהמט צו זיך אין די הענט דעם נאַציאָנאַלען קאַמפּף און פיהרט איהם אונטער דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַליזם. אונטער דיזען לאָזונג ווערט געפיהרט דער קאַמפּף פון בײדע צדדים, פון דעם צד, וועלכער עס האָט געוואָרפען אַן'אויג אויף

אַ פרעמדע נאַציאָן, און פון דעם צד, וועלכער בעשיצט נאָר זיין זעלבסטשטענדיגקייט.

מיר הזר'ן איבער נאָך אַ מאָל, אַז אונטער דעם זעלביגען לאָזונג פון נאַציאָנאַליזם האָט זיך געפיהרט דער קאַמפף פון ביידע צדדים, אַז ביידע מחנות, אי די אונטערדריקער אי די אונטער-דריקטע, זענען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם נאַציאָנאַליזם. וואָס-זשע איז דאָס אַזוינס דער נאַציאָנאַליזם?

שוין פון דעם אַליין, וואָס ער הערשט אין ביידע פיינדליכע מחנות, קען מען זעהן, וואָס פאַר אַ גרויסען מעות עס האָבען יענע, וועלכע מישען צונויף אין איין טאָפּ „נאַציאָנאַליזם" און דעם-קאַמפף פאַר נאַציאָנאַלע בעפרייאונג". דער נאַציאָנאַליזם קען אננעהמען צוויי געשטאַלטען: די פאָרם פון אונטערדריקונג און די פאָרם פון אַ קאַמפף פאַר בעפרייאונג.) צווישען די ביידע אַרטען איז דאָ אַ גרויסער הילוק, נאָר זיי ביידע האָבען דעם אַלגעמיינעם סימן, וועלכער עס איז אונטערעכירט אונז דאָ, ביידע אַרטען זענען נאַציאָ-נאַליזם. עס פערשטעהט זיך, אַז ווען מיר ווילען בעשטימען דעם עצם פון דיזער ערשיינונג, דאַרפען מיר איהם זוכען ניט אין דעם חילוק צווישען זיי, נאָר אין דעם, וואָס איז זיי מקרב איינעם מיט דעם אַנדערען, אין דעם, וואָס איז זיי ביידען געמיינזאַם. עס פערשטעהט זיך דעריבער, אַז אין די בלויזע נאַציאָנאַלע שטרע-בונגען צו פרייהייט ליגט נאָך ניט קיין נאַציאָנאַליזם, ווייל, פון איין זייט קען מען זיין אַ נאַציאָנאַליסט-אונטערדריקער, און פון דער אַנדער זייט – קעמפפען פאַר נאַציאָנאַלע בעפרייאונג, ניט וועלענדיג וויסען פון קיין שום נאַציאָנאַליזם. עס פערשטעהט זיך, דעריבער, אַז ניט אין די פּאָליטישע פאָדערונגען גופא דאַרף מען זוכען די גרונד-סימנים פון נאַציאָנאַליזם, ווייל פערשיעדענע נאַציאָנען, וועלכע זענען בעצם פיינדליך איינע צו די אַנדערע, קענען האָבען די זעלביגע פּאָליטישע פאָדערונגען. עס איז אַלזאָ קלאָר, אַז ווען מיר ווילען בעשטימען, וואָס איז דאָס אַזוינס נאַציאָנאַליזם, דאַרף מען נעהמען יענע סמנים, וועלכע עס געהערען אַלע אַרטען און מינים פון דיזער ערשיינונג. די תשובה מוז מען זוכען אין דעם, ווי די בור-שואַזיע שטעלט אַרויס דיזע פראַגע.

ס'איז אָנגעוויזען געוואָרען אין אַנ'אַרטיקעל אין דעם „אידישען

אַרבײטער"*) דערױף, אַז „דער װאָרצעל פֿון דיזען (נאַציאָנאַלען) קאַמפּף אין דער פֿאָרם, װעלכע איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, ליגט אין דעם, װאָס די בורזשואַזיע פֿון דער הערשענדער נאַציאָן שטרעבט צו מאָנאָפּאָליזירען פֿאַר איהרע נוצען דעם מאַרק פֿון אײגענעם לאַנד. כדי צו עררײכען דיעזען ציעל איז נאָך װעניג מעכאַניש צו בעזײטיגען דורך געזעצליכע און אַדמיניסטראַטיװע בעגרענצונגען די „פֿרעמדע" פֿון מאַרק, מען מוז נאָך מיט געװאַלד צונױפֿמישען זײ מיט דער הערשענדער נאַציאָן, פֿערניכטען אַלץ, װאָס עס בילדעט זײער נאַציאָנאַלע פֿיזיאָנאָמיע און קודם כל די פֿערשיעדענע הײטען אין דער שפּראַך, װעלכע שטערען אױף אַזױ פֿיעל דעם פֿרײען פֿערקעהר פֿון די סחורות אין לאַנד, אױף װיפֿיעל די גרענעץ-אָבצאָהלונגען צװישען פֿערשיעדענע מלוכות". (אונטער-געשטריכעלט פֿון אונז).

די בורזשואַזיע קעמפּפֿט פֿאַר די מערק, דער מאַרק ליגט (ביז צו אַ בעדײטענדען גראַד) אין דעם תחום פֿון די נאַציאָנאַלע גרענעצען, דער קאַמפּף פֿאַר'ן מאַרק װערט אומגעװאַנדעלט אין אַ קאַמפּף פֿאַר די נאַציאָנאַליטעט. די הערשענדע נאַציאָנען, װעלענדיג פֿאַרװאָרענען פֿאַר זיך דעם אָבזאַץ פֿון סחורות צװישען די קונדען, װאָס געהערען צו אַנדערע נאַציאָנען, סטאַרעט זיך מיט אַלע כחות צונױפֿגיסען זײ מיט זיך, אָבפֿאַרבען זײ אין אַן'אַנדער נאַציאָנאַלען קאָליר, אַנװענדענדיג דערבײ די רעגירונגס-מאַשין. די בורזשואַזיע פֿון דער אונטערדריקטער נאַציאָן האָט ניט בײ זיך אין האַנד די רעגירונגס-מאַכט, דיזען מעכטיגען צװאַנגס-מיטעל; ניט האָבענדיג ביכולת אַנצופֿאַלען, מוז זי זיך בעגנוגענען מיט דעם, װאָס זי בעשיצט זיך פֿון אַנדערע. ניט האָבענדיג קײן האָפֿנונג אױף צו קענען זיך אַרײנרײסען מיט ערפֿאָלג אין אַ פֿרעמדען מאַרק, כדי צו בעקומען דאָרטען פֿאַר זיך אַ חלק, מוז זי זיך בעגנוגענען מיט דעם, װאָס זי פֿערהיט און פֿערשטאַרקט איהר אײגענעם מאַרק. דאָס הײסט — איבערגעלעגט אױפ'ן לשון פֿון נאַציאָנאַלען קאַמפּף — פֿערשטאַרקען די נאַציאָנאַלע אײגענטהימליכקײט פֿון דער אײגענער נאַציאָן. בײדע — אַי די

*) זעה „נאַציאָנאַליטעט און אַסימילאַציע" אין „אידישען אַרבײטער" נר' 15.

הערשענדע, אי די אונטערדריקטטע נאַציאָן–סטאַרען זיך צו פערגרעסערען, ווי וויט מעגליך, די צאָהל קונדען, די צאָהל מיטגליעדער פון זייער נאַציאָנאַליטעט; איינע – די שטאַרקערע דורך די פערברייטערונג פון איהרע נאַציאָנאַלע גרענעצען אויפ׳ן חשבון פון אַנדערע נאַציאָנען; די אַנדערע – די שוואַכערע — זאָרגענדיג, אַז עס זאָל לכל הפחות ניט קלענער ווערען די פריהערדיגע צאָהל מיטגליעדער פון איהר נאַציאָן.

דער חילוק צווישען זיי איז נאָר אַנ׳אויסערליכער; בייט זיך נאָר איבער די מאַכט פון דער אָדער יענער נאַציאָן, בייט זיך אויך איבער איהר פּאָליטיק, איהר ראָלע.

אין יענע געגענדען פון עסטרייך, וואו די דייטשען וועגען אַריבער אין צאָהל די טשעכען, זעהען זיי גובר צו זיין די לעצטע צו מאַכען פון זיי „עכטע דייטשען״; די טשעכען ווערען זיך געגען דעם, סטאַרען זיך צו פערוואָרענען, אַז די דייטשען זאָלען ניט אָברייסען אַ טייל פון זייער נאַציאָן; אי די דייטשען אי די טשעכען פיה־ען דאָרטען אַ נאַציאָנאַלען קאַמפּף: די ערשטע — אונטער דעם לאָזונג פון אונטערדריקונג, די צווייטע — פון בעפרייאונג. אין יענע געגענדען, וואו די טשעכען בילדען דאָס רוב פון דער בעפעלקערונג, זענען די ראָלען אויך פונקט פערקעהרט: דאָרטען ערקלעהרען די טשעכען אַ קאַמפּף די דייטשען, האָבענדיג בדעה צו סלאַוויאַניזירען די דאָרטיגע דייטשען; די דייטשען זעהען נאָר צו פערטהײדיגען זיך.

אין יאָהר 1849 האָבען די מאַדיאַרען אויפגעהויבען אַ מרידה געגען עסטרייך; זיי זענען דאַמאָלס געווען אַנ׳אונטערדריקטע נאַציאָן און האָבען געקעמפּפט געגען זייערע אונטערדריקער. נאָר אין דער זעלביגער צייט האָבען זיי ביי זיך אין דער היים געדריקט די סערבען, קראָאַטען, רומענער, וועלכע עס האָבען זיך געפונען אונטער זייער מאַכט.

כל זמן שלעזוויג־האָלשטיין האָט געהערט צו דעם קעניגרייך דענעמאַרק, האָבען די דייטשען געקעמפּפט געגען דעם דענישען יאָך אין נאָמען פון דער דייטשער נאַציאָנאַלער אידעע. ווען צו דייטשלאַנד איז איבערגעגאַנגען אין איינעם מיט דער דייטשער ערד אַ טייל פון דער טעריטאָריע, וועלכע איז בעוואָהנט פון דענער, האָבען די זעלביגע דייטשען אָנגעהויבען צו דריקען

די זעלבּיגע רעֶנער אין נאָמען פון דער זעֶלבּיגער „נאַציאָ־נאַלער אידעע״.

ווי דער לעֶזער זעֶהט, איז בּ ע צ ם אונמעֶגליך צו געפינען אַ חילוק צווישען דיזע צוויי אַרטען פון נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, דער חילוק ליגט נאָר אין דער מאַכט פון דער אָדער יענער נאַציאָן.

די גלייכע אידעאָלאָגיע בּיי אַלערליי מינים נאַציאָנאַליסטען ווערט בּעשטימט דורך דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון זייערע אינטערעסען. דער אינטערעס פון דעם נאַציאָנאַליסט איז — פערוואָרענען דעם מאַרק, די קונדען, די מעגליכקייט צו געפינען פאַר זיך אַ בּעשעפטיגונג; די גאַנצע ראָלע שפּיעלט דאָ דער מסחר, כיי עס רעדט זיך פון פשוט׳ע מאַטעריעלע סחורות, סיי פון גייסטיגע פּראָדוקטען. די צאָהל קונדען ווענדעט זיך אָן דער פערשפּרייטקייט און אָן דער שאַרפקייט פון דעם נאַציאָנאַלען קאָליר. דער נצחון פון דעם נאַציאָנאַלען קאָליר — דאָס איז דער אידעאַל פון דעם נאַציאָנאַליסט. און אַזוי ווי דער נאַציאָנאַלער קאָליר דריקט זיך אויס אין דער שפּראַך און קולטור, דעריבּער ווערט מגולגל דאָס יאָגען זיך נאָך מערק אין אַ קאַמפף פאַר דעם נאַציאָנאַלען כאַראַקטער פון דער קולטור. דער קאַמפף פאַר׳ן אָבזאַץ פון סחורות וויקעלט זיך איין אין אַ טלית פון אַ הויכען אידעאַל: — פערטהיידיגען די נאַציאָנאַלע אידעע. דער מאַרק־אינטערעס צווינגט צו פּלאַנצען, אָבצוהיטען, האָדעווען אַלץ, וואָס עס טראָגט אויף זיך דעם נאַציאָנאַלען שטעמפּעל. עס ענטוויקעלט זיך די בּעדערפנים איינצוהאַלטען, פערשטאַרקען און אונטערצוהאַל־טען אַלץ, וואָס עס איז נאַציאָנאַל, אַלץ, וואָס עס איז אייגענט־הימליך; דורך דעם ווערט איינגעהאַלטען דער מאַרק, פערהיט, אַז פון איהם זאָלען ניט אָבקומען איינצעלנע אָדער גאַנצע מאַסען קונדען; דאָס מאַכט זיכערער דעם מאַרק און פערוואָרענט פון „פרעמדע״ קאָנקורענטען. די נאַציאָנאַלע פערשידענהייטען שפּיעלען דאָ די ראָלע פון די גרענעץ־אָבצאָהלונגען, דער נאַציאָנאַליסט פערטיעפט דיזע פערשידענהייטען, רוקט פאַנאַנדער די קולטור־על גרענעצען, וואָס ליגען צווישען די פערשידענע נאַציאָנען, ציעלט זיך אָבצוגרענצען זיין נאַציאָן מיט אַ פעסטען צוים און אַ בּעזונדע־רער מלוכה־אָרגאַניזאַציע, פערשטאַרקען מיט אַ בּעזונדער אַפּאַראַט פון אייגענע בּעאַמטע און חיל; ער ווערט אַ הייסער פאַנאַטיק פון

פּאָליטיש־ער זעלבּסטשטענדיגקייט, וועלכער האָט אין זיינע אויגען דעם זיבּעטען חן. אין דעם חשק פון פערשידענע נאַציאָנען אַריבּערצושטייגען איינע די אַנדערע, זעהט ער דעם תוכן פון דער מענשליכער געשיכטע. דער קאַמפּף פאַר׳ן נאַציאָנאַלען „גייסט" איז פאַר איהם דער העכסטער סאָציאַליאַלישער געזעץ. לגבי דיזען יסוד פון דער געשיכטע ווערען פערטושט אַלע איבּעריגע אַרטען פון געזעלשאַפטליכען קאַמפּף, עס ווערען פערדונקעלט אָדער עס פערשווינדען אין גאַנצען די סאָציאַלע היפּוכים. פון דעם גאַנצען גרויסען וועלט־בּילד ווערט בּיי איהם אַ קליינע בּימה, וואו עס ווערט געפיהרט אַ קאַמפּף צוליעב נאַציאָנאַלע „עצם׳ס", וועלכע קאָנקורירען איינע מיט די אַנדערע צוליעב דער קולטורעלער הערשאַפט. די נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ — דאָס איז די ערשטע אין הויפט־אויפגאַבּע פון דעם מענשען.

די העכסטע היסטאָרישע אויפגאַבּע פון דעם דייטשען איז צו קעמפּפען לכבוד דעם דייטשענטהום געגען דעם גייסט פון אַנדערע נאַציאָנען: געגען דעם סלאַווענטהום, יודענטהום, פּוילענ־טהום... דער רוס זעהט פאַר זיך אַ געהויבענע און בּרייטע אויפגאַבּע — צו פערטהיידיגען דעם „עכט רוסישען גייסט", וועלכער געהט דורך ווי אַ רויטער פאָדים דורך דער גאַנצער רוסישער געשיכטע, געגען אַ גאַנצע מאַסע אינטריגעס — פון אידען, פּוילען, אַרמענער, פינלענדער, ער האָט פאַר זיך די גרויסע היסטאָרישע אויפגאַבּע־טובל זיין אָט דיזע אַלע „אינטריגאַנטען" אין די מים טהורים פון דער רוסישער מקוה... דער איד צילט זיך אַריינצובּלאָזען אַ נייעס לעבּען אין זיין נאַציאָנאַלען „גייסט" אויף דער „היסטאָרישער טערי־טאָריע", ער פאַנטאַזירט וועגען אַ אידישער מלוכה — און דיזער וואָרט „אידישע" קלינגט פאַר איהם אַזוי שעהן, אַזוי הערליך, ער וויינט פשוט פון התלהבות, אַז ער רעדט אַרויס דעם וואָרט „יודאַאיזם", — אָט דעם עצם פון פערשידענע אייגענט־הימליכע כאַראַקטעריסטישע סמנים, וועלכע עס האָבּען זיך אויס־געאַרבּייט אין פערלויף פון דער אידישער געשיכטע.

די סומע כאַראַקטעריסטישע, אייגענטהימליכע סימנים פון זיין קולטור, וועלכע גרענעצען איהם אָבּ פון די אַנדערע נאַציאָנען דאָס, וואָס עס גיט איהם צו אַן עכט רוסישע געשטאַלט, להבדיל פון דעם דייטש, אָדער אַן עכט דייטשע געשטאַלט, להבדיל פון

דעם רוס — דאָס איז וויכטיגער און טײַערער דעם בורזשואַ=נאַציאָ=
נאַליסט, ווי אַלץ אין דער וועלט. דערינען ליגט אַזאַ טײַערע זאַך,
וועלכע מען דאַרף אָבהיטען ווי די אויג אין קאָפּ; אַהער לײגט ער
אַרײַן זײַן גאַנצע געזעלשאַפטליכע ענערגיע, דאָ איז פאַר איהם
דער גאַנצער הית. די סאָציאַלע געגענזאַצען פערליערען יעדען
לעבעדיגען ווערט.

פערשיעדענע מינים בעשאַפען פערשיעדענע אַרטען פון אידעאָ=
לאָגיע. דער נאַציאָנאַליזם פון אַ העררשענדער, שטאַרקער נאַציאָן
אָנלעהנענדיג זיך אויף אַ מעכטיגער אַרמעע און פלאָט, הויבט אויף
מיט גדלות זײַן חוצפה'דיגען קול, שרײַט מיט הילכעדיגע, בעצם
אָבער פוסטע פראַזען פון אימפעריאַליזם, וועלכער קלינגט מיט די
שווערדען, פערקעפערט אין דעם געפאַנצערטען פויסט די „גרויסע
אידעע" פון דער נאַציאָנאַלער היסטאָרישער אויפגאַבע פון זײַן פאָלק
וואָס טראָגט אַ נײַע קולטור פאַר די גאַנצע וועלט. דער ציטע=
ריגער נאַציאָנאַליזם פון דעם קלײן=בירגער נעהמט אָן אַן אַנ'אַנדער
קאָליר; אַ פערשלאָגענער און אַ שוואַכער, ברעכענדיג אַלע ווײַלע
האַלז און אַקען אויפ'ן אײַז פון די נײַע געזעלשאַפטליכע פערהעלט=
ניסען, אַריבגעשטויסען דורך דעם גרויסען קאַפּיטאַל, וואָס פער=
פלאָנטערט איהם פון אַלע זײַטען, פערליערט ער יעדען פונדאַמענט
אונטער זײַנע פיס: ער צאַפּעלט זיך, וואַרפט זיך אויף אַלע זײַטען
כאַפּט זיך אָן פאַר דעם ערשטען מיטעל, וואָס עס פאַלט אַרײַן אין
האַנד; לעבענדיג מיט די אידעאַלען פון דער פערגאַנגענהײַט, וועל=
כע ער האָט ניט בכח אומצוקעהרען, ניט ערוואַרטענדיג קײן ישועה
פון דער צוקונפט, וועלכע ער קען ניט בעגרײַפען, כאַפּט ער זיך
אָן פאַר יעדען שוואַנטעריסט, פאַר יעדען שווינדלער. ער לאָזט זיך
פערפיהרען פון די נאַציאָנאַליסטישע חלומות, וועלכע העלפען
איהם פערמאַכען די אויגען אויף די אמת'ע געזעלשאַפטליכע פער=
העלטניסען, וואָס זענען פאַר איהם אַזוי שרעקליך און אונהײמליך;
ער ווערט פערכאַפּט — אויב ער איז ניט קײן איד — פון דעם
שטראָם פון אַנטיסעמיטיזם, איבערלײגענדיג אויפן נאַציאָנאַליסטישען
לשון דעם קאַמפּף מיט דעם גרויסען קאַפּיטאַל, געגען וועלכען ער
האָט ניט בכח צו קעמפפען אין אַנ'אָפּענער, רײנער געשטאַלט.
אויב ער איז אַ איד, לײגט ער נאָך צו די ספּעציעלע אייגענטהימ=
ליכקײט פון דער שקלאַפען פסיכאָלאָגיע פון געטטאָ צו דער פער=

שלאָגענהײט און פערהשב'קײט פון דעם עקאָנאָמיש־שוואַכען. אײנ־
וויקלענדיג זײן קלאַסען־אינטערעס אין דעם שלײער פון נאַציאָנאַלע
כּאָרערונגען, האָט ער אפילו קײן כח ניט צו קעמפּפען פאַר דיזע
פאָדערונגען; ער קען נאָר פאַנטאַזירען וועגען זײ. קוקען דעם
לעבען גלײך אין די אויגען — דאָס קען ער ניט, ער איז שוואַך,
אויסגעמאַטערט, ישרעקענדיג, ער האָט מורא פאַר'ן לעבען, ער
חלומ'ט, ער חלומ'ט וועגען זעלבסטשטענדיגקײט און פרײהײט; ער
חלומ'ט וועגען זײן טעריטאָריע, אויף וועלכער ער וועט בעקומען
זײן אײגענע קילטור... זײן אײגענעם מאַרק. ער פערדולט זיך דעם
קאָפּ מיט'ן דונסט פון נאַציאָנאַליסטישע פראַזען, פערמאַסקירענדיג
מיט הויכע און פוסטע מליצות זײן אײגענע שוואַכקײט און פּאָליִ־
טישען באַנקראָט.

גענוג. די קאָלירען זײנען פערשידען, דער עצם איז דער
זעלביגער. דיזער עצם איז — דאָס בוקען און קניען זיך פאַר דער
אײגענער נאַציאָנאַליטעט; „מײנע" איז אַ בית המקדש, „פרעמדע"
— טויג ניט; אַרבײטען לכבוד דיזען „בית המקדש", ער זאָל
זײן דער אויבערהאַר פון דער גאַנצער וועלט; דער נאַציאָנאַלער
אינטערעס און די נאַציאָנאַלע אײגענטהימליכקײט — דאָס איז
דער פונדאַמענט פון דעם גאַנצען כאַציאַל־פּאָליטישען בנין.
דאָס איז דער געמײנזאַמער סמן פון דעם נאַציאָנאַליזם, וועלכער
ליגט אין אַלע מינים זײנע, וועלכער איז געמײנזאַם ביסממאַרק'ן
און דובנאָוו'ן, ראשפּאָרען און אחד־העמ'ן.

לאָמיר אונטערציהען די אונטערסטע שורה.

מיר וועלען זיך פאָרשטעלען די מענשהײט אין דער פאָרם
פון פערשידענע פלעצער ערד (מיר מײנען ניט, נאַטירליך, אין
געאָגראַפישען זינען), וואָס זענען געפאַרבט אין פערשידענע
נאַציאָנאַלע קאָלירען און וועלכע זענען ענג בעהעפט אײנע מיט
די אַנדערע. אונטער דעם אײנפלוס פון דער אינערליכער ענטוויק־
לונג און פון אויסערליכע סכסוכים בײטען דיזע פלעצער ערד
זײער גרויס און די שאַרפקײט פון זײערע קאָלירען. אײן פלאַץ
בעקומט אַ געדיכטערען קאָליר, פערגרעסערט זײן שטח, אײנשלינ־
גענדיג געוויסע טײלען, וואָס האָבען זיך אָבגעריסען פון אַנדערע
פלעצער. מיט דעם אַנדערען פלאַץ קומט פּאָהר פונקט פערקעהרט.
נעהמט די פאָרשטעהער פון די צווײ פערשידענע ריכטונגען

וועלכע מיר האָבען אויבען כאַראַקטעריזירט, — די ריכטונגען, וועגען וועלכע מיר האָבען געזאָגט, אַז נאָר אויפ'ן ערסטען בליק שטעהען זיי אין אַ הפך איינע צו די אַנדערע; נעהמט אַ נאַציאָנאַליסט און אַן אַסימילאַטאָר און פערגלייכט, ווי זיי ביידע וועלען זיך פערהאַלטען צום גורל פון די פלעצער.

דער נאַציאָנאַליסט ציעלט זיך צו פערברייטערען ווי ווייט מעגליך זיין פלאַץ, צו מאַכען וואָס העלער זיין קאָליר.

דעם אַסימילאַטאָר איז אין זיין פלאַץ צו ענג און אונבעקוועם. דיזער פלאַץ אַליין איז צו קליין פאַר אַ מאַרק, ער וויל, אַז זיין פלאַץ זאָל איינגעשלונגען ווערען אין אַן'אַנדערען.

דער נאַציאָנאַליסט פערשטאַרקט און פערגרעסערט זיין פלאַץ. דער אַסימילאַטאָר געהט אָבער אויף אַ פרעמדען פלאַץ אין פערשטאַרקט איהם. ביי'ם נאַציאָנאַליסט איז טייער אַלץ, וואָס עס איז זיינע אייגענע, ווייל דאָס צאַמט איהם אָב פון די פרעמדע. דער אַסימילאַטאָר האַלט טייער אַלץ, וואָס איז פרעמדע, ווייל דאָס לייזט איהם אויס פון זיינע. דער נאַציאָנאַליסט זעהט אַרויפצולייגען אויף וואָס עס איז נאָר מעגליך זיין נאַציאָנאַלען שטעמפעל, כדי מען זאָל עס חס ושלום ניט פערבייטען מיט פרעמדע, דער אַסימילאַטאָר סמאַרעט זיך אויסצוואָרצלען אַלע זיינע נאַציאָנאַלע סמנים לכבוד אַ פרעמדער נאַציאָנאַליטעט. אי דער אי יענער זענען שטאַרק פער'דאגה'ט וועגען דעם גורל פון דער נאַציאָנאַלער פיזיאָנאָמיע, אי דער אי יענער ציעלען זיך צו ווירקען אויף דעם נאַציאָנאַלען קאָליר, אי דער אי יענער זענען אַריינגעטהון אין די נאַציאָנאַלע „עצם'ס", אין דעם נאַציאָנאַלען „גייסט". די תשובות. וועלכע זיי גיבען אויף די געשטעלטע פראַגען, זענען פערשיעדען. די פראַגען גופא שטעלען זיי אויפ'ן זעלביגען שטייגער. זיי פיהרען אַ פערשיעדענע פאָליטיק, די אויסגאַנגס-פונקטען זענען ביי זיי אָבער די זעלביגע. ביי זיי זענען די זעלביגע חקירות, די זעלביגע אידעען, די זעלביגע מאָס אויף אָבצושאַצען די פאָליטישע און סאָציאַלע גיטער. דער תוכן פון דיזער מאָס איז: דער חילוק צווישען מיינע און יענעמס. אָט פאַר וואָס דער אַסימילאַטאָר בנוגע צו די אידען קען־זיין אַ נאַציאָנאַליסט בנוגע צו רוסען.

די אַסימילאַציאָנס-שטרעמונג איז בעצם דער זעלביגער נאַציאָנאַליזם נאָר פון דער אַנדער זייט. דער אַסימילאַטאָר איז

דער זעלבער נאַציאָנאַליסט נאָר מיט'ן „אונטער־שלאַק אַרויף״.

אין דובנאָוו'ס „בריעף וועגען דעם אַלטען און נייעם יודענ־טהום״ לעזען מיר אַזאַ מין מאמר: „די חסידים און די עלינסטען (וואָס האָבען זיך נעצויגען צו דער גריכישער קולטור) — מיט אַנדערע ווערטער, די נאַציאָנאַליסטען און די אַסימילאַטאָרען — אין דער צייט פון די מכביער־מלחמות — זענען זיך פונאַנדערגעגאַנ־גען אין דעם, צוליעב וועלכען ציעל דאַרפען די אידען עקזיסטירען. די חסידים האָבען געהאַלטען, אַז דאָס יודענטהום, ניט וועלענדיג איינגעשלונגען ווערען דורך די אימות העולם, דאַרף עקזיסטירען ווי אַ שאַרף אָבגעזונדערטע קולטורעלע און נאַציאָנאַלע איינהייט; די עלינסטען האָבען געגלויבט, אַז דאָס אידישע פאָלק דאַרף זיך צופאַסען צו דער גריכישער קולטור — דעם אידעאַל פון דאַמאָלסדיגער וועלט — הגם דאָס מעג זיין אַ היזק פאַר זייער איינענטהימליכער גייסטיגער פיזיאָנאָמיע... דאָס זענען געוועזען מחלוקות וועגען דעם, צו דאַרפען די אידען איבערהויפט עקזיס־טירען אַלס אַ בעזונדער נאַציאָן, צו ניט, — די שטענדיגע מחלוקות צווישען די אַסימילאַטאָרען און נאַציאָנאַליסטען״ *).

איהר זעהט, אויף וואָס עס צובריכען זיך די קעפ די אַסימילאַטאָרען און די נאַציאָנאַליסטען, זיי אַמפּערען זיך: „צוליעב וועלכען ציעל דאַרפען די אידען עקזיסטירען״, צוליעב דער פראַגע, אין וואָס בעשטעהען די אויפגאַבען פון דער אידישער נאַציאָן, אַלס אַ כלל. איהר זעהט די בורזשואזע אידעאַלען זענען אַזוי פער־טיעפט אין דעם נאַציאָנאַליזם, אַז ביי די בורזשואזע אידעאָלאָגען קומט גאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף די פאָרשטעלונגען פון די הפוכים אינעווייניג אין דער נאַציאָן גופא, פון אַ קאַמפף, וועלכער צורייסט איהר אויף צוויי פיינדליכע מחנות. „איבען־אָן״ ווערט אַוועקגעשטעלט דער נאַציאָנאַלער אינטערעס, און לגבי איהם ווערט פערשוואונדען און פערטושט דער קלאַסען־אינטערעס. עס ווערט אַנשוויגען דער אויפרוף צום קלאַסען־קאַמפף, פערהילכט דורך די דרשות וועגען דער פעראייניגונג פון דעם גאַנצען כלל אונטער דער פאָהן פון די אויפגאַבען, וואָס זענען נוגע דעם גאַנצען פאָלק.

*) די ביכלעך פון „יואחכאד״ 1901, XI, ז. 5.

„דִי אִידעֶע פוּן דעֶם כלל=פאָלק—זאָגט גראַדאָווסקִי—זעֶצט פאָראוים דִי פאָלקאָמעֶ סאָלִידאַרִיטעֶט*) צווִישעֶן אַלעֶ שִׁיכטעֶן פוּן דעֶר געֶזעֶלשאַפֿט פוּן דִי העֶכסטעֶ בִּיז דִי נִידעֶרִיגסטעֶ"**).

„דִי נאַציאָן אִיז דִי גרוֹיסעֶ סאָלִידאַרִיטעֶט — זאָגט רעֶנאַן — אַלס אַ רעֶזוּלטאַט פוּן דִי הַײלִיגעֶ געֶפִיהלעֶן צוּ דִי געֶבראַכטעֶ קרבּנות אוּן צוּ דִי, וועֶלכעֶ עֶס וועֶלעֶן נאָך געֶבראַכט ווערעֶן אִין דעֶר צוּקוּנפט... האָבּעֶן אַ געֶמײנזאַמעֶן גרוֹיסעֶן שם אִין דעֶר פעֶרגאַנגעֶנהַײט, אַ געֶמײנזאַמעֶן רצוֹן אִין דעֶר געֶגעֶנוואַרט, אוֹיספיהרעֶן אִין אֵיינעֶם גרוֹיסעֶ טהאַטעֶן, ווִינשעֶן אוֹיסצוּפִיהרעֶן זײ אוֹיך להבא, — דאָס אִיז דִי ווִיכטִיגסטעֶ בּעֶדִינגוּנג פוּן דעֶר נאַציאָנאַלעֶר עֶקזִיסטעֶנץ***).

אָט דִיזעֶ הוֹיכעֶ אוּן פוּסטעֶ מלִיצה בּעֶווַײזט קלאָר, ווִי דעֶר טאָג, דעֶם בּוּרזשוּאַזעֶן כאַראַקטעֶר פוּן דעֶר רִיכטוּנג, וועֶלכעֶ זִי נעֶהמט אוּנטעֶר אִיהר שוּץ. וואוּ עֶס לאָזעֶן זִיךְ העֶרעֶן דבּוּרים פוּן לִיעבּעֶ צוּם גאַנצעֶן כלל=פאָלק אוּן פוּן בּרִידעֶרלִיכקַײט, דאָרטעֶן זעֶנעֶן געֶווִיס פעֶרבּאָרגעֶן דִי אִינטעֶרעֶסעֶן פוּן דעֶר בּוּרזשוּאַזִיעֶ, וועֶלכעֶ ווִיקעֶלט שטעֶנדִיג אַײן אִיהרעֶ אֵייגעֶנעֶ טוֹבות אִין אַ מאַסקעֶ פוּן כלוֹמר׳שטדִיגעֶר טובת הכלל.

דִי דרשה ווֶעגעֶן דעֶר סאָלִידאַרִיטעֶט פוּן דעֶם כלל=פאָלק— הַײסט אָבּזאָגעֶן זִיךְ פוּן קלאַסעֶן=קאַמפף, הַײסט דעֶר שלוֹם פוּן פראָלעֶטאַריאַט מִיט דעֶר בּוּרזשוּאַזִיעֶ, הַײסט דִי גַײסטִיגעֶ אוּן מאַטעֶריעֶלעֶ פעֶרשקלאַפוּנג פוּן פראָלעֶטאַריאַט; אוֹיךְ דאָ אִיז אוּנטעֶר דִי אִידעֶאַלִיסטִישעֶ פוּסטעֶ דבּוּרים פעֶרשטעֶקט דעֶר אִינטעֶרעֶס פוּן דעֶר גִיעֶרִיגעֶר אוּן פאַלשעֶר בּוּרזשוּאַזִיעֶ.

מִיר האָבּעֶן אָנגעֶווִיזעֶן אוֹיף דִי כמנים, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן כאַראַקטעֶרִיסטִיש פאַר דִי פאָלִיטִיק פוּן דעֶר גאַנצעֶר בּוּרזשוּאַזִיעֶ, וועֶלכעֶ לִיגעֶן גראַד אַזוֹי גוּט ווִי אִין דעֶר אַסִימִילאַציאָנס=שטרעֶבּוּנג אַזוֹי אוֹיךְ אִין דעֶם נאַציאָנאַלִיזם. דעֶר גוֹרל פוּן דעֶר כלל=נאַציאָן— דעֶרפאַר דאַגה׳נעֶן זײ קוֹדם כל. די אִינטעֶרעֶסעֶן פוּן דעֶר נאַציאָן — אִיז זײעֶר לאָזוּנג, דִי אוֹיפגאַבּעֶן פוּן דעֶר נאַציאָן, אַלס

*) אונטערנעשטריכעלט פון דעם מחבר.

**) גראדאווסקי־זאמעלווערק, באנד VI ז. 240, „די נאציאנאלע פראגע".

***) רענאן „וואס איז אזוינס א נאצ׳אן".

אַ גאַנצען, אונשײלבאַרען סאָלידאַרישען כלל בעשטימען זײער פּאָליטיק, זײ האַװען שטאַרק, אַז די נאַציאָנאַלע אײגענטהימליכקײט זאָל האָבען אַ קיום, אָדער פערקעהרט, אַז די נאַציאָן זאָל פערלירען איהר פיזיאָנאָמיע — דערינען ליגען זײערע אַלע שטרעבונגען.

אָט דאָס איז די פּאָזיציע פון דער בורזשואַזיע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אָט אַזױ זעהט אױס איהר אידעאָלאָגיע, װעלכע דריקט זיך אױס אַמאָל אין איהר פאָלשטענדיגער און רײנער פאָרם, אַמאָל מישט זי זיך צו טראָפּענװײז צו די אמת'ע פּראָגרעסיװע אַנשױאונגען, פער'כמ'ענדיג זײ מיט איהר רעאַקציאָנערען גיפט.

װי־זשע דאַרף זײן די פּאָזיציע פון דער כאָציאַל־דעמאָקראַטיע?

אױבען האָבען מיר שױן געזאָגט, אַז די אַלגעמײנע אידעען־װעלט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גיט שױן ממילא אַנ'ענטפער דערױף, װי דאַרף זיך די סאָציאַלדעמאָקראַטיע בעצם פערהאַלטען צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע, אַנ'ענטפער, װעלכער איז דער אײנציג ריכטיגער און פּראָגרעסיװער. אין דער גאַנצער סיסטעם פון איהרע אַנשױאונגען און פון איהר גאַנצער טהעטיגקײט, אין איהר טעאָריע און איהר פּראַקטיק, געהט זי אַרױס פון אײן גרונד־פּרינציפּ — פון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמפּף. דאָס איז ניט נאָר דער הױפּט־יסוד פון אונזער גאַנצער אַרבײט, דאָס איז דער אײנציגער יסוד, און דאָס, װאָס מיר האָבען נאָר אײן אײנציגען פונדאַמענט אונטער אונזער סאָציאַל־פּאָליטישען בנין, איז אײנע פון די װיכטיגסטע בעדינגונגען, װעלכע פיהרען די פּראָלעטאַרישע פּאַרטײ צום ערפאָלג. דער פּראָלעטאַרישער קלאַסען־קאַמפּף, דער אינטערעס פון איהר ברײטער ענטװיקלונג — דאָס איז דער גרונד־מאַסשטאַב, מיט װעלכען עס װערען געמאָסטען אַלע ערשײנונגען פון סאָציאַלען און פּאָליטישען לעבען, אַלע אױפגאַבען, װעלכע דיזער לעבען שטעלט אַרױס, אַלע אופנים, װעלכע ער לײגט פאָר אױף צו לײזען זײ. דיזען העכסטען קריטעריום מעסטען מיר אָן אױף אַלע פראַגען, נאָך איהם שאַצען מיר זײ אָב, טײלען זײ פאַנאַנדער, װײזען אָן יעדערען איהר פּאַסענדען פּלאַץ אין דער אַלגעמײנער אײנהײטליכער מאַרקסיסטישער סיסטעם אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאָליטיק. מיט דיזען העכסטען מאַסשטאַב געהען מיר צו אױך צו דער נאַציאָנאַלער

פראַגע, איהם מאַכען מיר אונטערטהעניג די נאַציאָנאַלע שאלה, אַרייננעהמענדיג איהר אין די אַלגעמיינע קייט פון אונזער גאַנצער סיסטעם, ווי איין בעזונדערן רינג.

דער נאַציאָנאַליסט, זייענדיג פערקאָכט אין די אינטערעסען פון מאַרק, מאַכט פאַר אַ פּרינציפּ דעם נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט אין זיינע אויגען אַן'אַבסאָלוטען ווערטה. דער אַסימילאַטאָר, וועלכער קוקט אויס אויף די פרעמדע מערק, סטאַרעט זיך אָבצו־מעקען זיין נאַציאָנאַלע געשטאַלט. מיר וועלכע ווילען ניט וויסען פון קיין יאָגען זיך נאָך מערק, מיר וועמען ס'איז פרעמד דער שטרייט פון די בורזשואַזע גרופּען, וואָס רייסען זיך אין קאָנקורענץ־קאַמפּף איינע מיט די אַנדערע, מיר זענען ווייט פון דעם קאַמפּף פאַר דער „שליטה אויף פרעמדע מדינות", מיר בוקען זיך ניט פאַר'ן אָבגאָט פון נאַציאָנאַליזם. די נאַציאָנאַלע אייגענטהימליכקייט מאַכען מיר ניט פאַר אַ רעליגיאָן, מיר קניען זיך אָבער אויך ניט פאַר דער אַסימילאַציע. מיר ציעלען זיך ניט, ניט איינצוהאַלטען „ביד חזקה" די נאַציאָנאַלע כאַראַקטעריסטישע סימנים און ניט אויסצו־וואָרצלען דעם נאַציאָנאַלען „גייסט". אונזערע אינטערעסען און אויפגאַבען ליגען אין אַ גאַנץ אַנדערען שטח; איבערן שטראָם פון די נאַציאָנאַליסטישע און אַסימילאַטאָרישע טענדענצען טאָרען מיר ניט — אויף וויפיעל מיר בלייבען טריי אונזערע אייגענע פּרינציפּען — בויען אַ בריק.

וועלכע זענען די אויפגאַבען און די ציעלען פון אַ נאַציאָן? אין וועלכער זייט דאַרף מען קירעווען די נאַציאָנאַלע ענטוויקלונג? אַזוינע פראַגען עקזיסטירען פשוט ניט פאַר אונז, אַקוראַט ווי עס עקזיסטירען ניט יענע קלאַסען־אינטערעסען, וועלכע עס האָבען זיי אַרויסגעשטעלט. אונזערע אויפגאַבען ליגען אין אַ גאַנץ אַנדערען שטח: די פראַגען, וועלכע מיר פערענטפערען, ווערען געשטעלט גאַנץ אַנדערש.

לאָמיר אַ קאָרשט ריכטיג פערשטעהן דעם ענין: וואָס איז „אַזוינס די נאַציאָנאַלע קולטור, וואָס איז אַזוינס דער נאַציאָנאַלער פּרינציפּ, דער אָבגאָט פון דעם בורזשואַזען אידעאָלאָג? וואו ליגט פערבאָרגען דער מיסטישער נאַציאָנאַלער גייסט?

אַ נאַציאָנאַלע קולטור, אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע זאַך, אַלס אַ פערשלאָסענער קרייז מיט אַן'אייגענטהימליכען אינהאַלט, עקזיס־

טויט בכלל ניט. נאַציאָנאַל איז יענע אייגענטהימליכע פאָרמע, אין וועלכער עס גיסט זיך אַריין דער אַלגעמיין-מענשליכער אינהאַלט. דער תּוכן פון דעם קולטורעלען לעבען, וועלכער איז בכלל אימע-טוב דער אייגענער, נעהמט אָן פערשיעדענע קאָלירען, פערשיע-דענע נאַציאָנאַלע פאָרמען, ווי באַלד ער געהט אַריין אין פערשיע-דענע גרופּען מיט פערשיעדענע געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסען; אין דיזע פערהעלטניסען, ביי וועלכע עס ווערען געשטעלט און פערענטפערט די געזעלשאַפטליכע אויפגאַבען, ביי וועלכע עס שפּי-לען זיך אָב די געזעלשאַפטליכע סכסוכים, אין וועלכע עס פליסט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען, עס ווערען ציימיג די גייסטיגע שטרעמונגען — אָט זוי, דיזע פערהעלטניסען לייגען אַרויף אַ נאַציאָ-נאַלען שטעמפּעל אויף דער קולטור. דער שטראַהל פון געזעלשאַפט-ליכען לעבען, פון סאָציאַלען קאַמפּף, אַריינטרעטענדיג אין אַ גרופּע מיט אַ בעשטימטען נאַציאָנאַלען קאָליר, נעהמט אויך אָן אַ בע-שטימטע פאַרב.

עס ענטוויקעלט זיך דער לעבען, די פערהעלטניסען בייטען זיך, עס שטויסען זיך צוזאַמען פערשיעדענע אידעען, און אינעווייניג אין דיזען פערפּלאָנטערטען און פערוויקעלטען פּראָצעס ליגט פער-באָרגען דער גוף פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג, ריכטיגער געזאָגט, זיין הויפּט-פּרושינע-דער קלאַסען-קאַמפּף.

מיר לייגען צו אונזערע קרעפטען צו דיזער פּרושינע און דרייהען איהר אַזוי, ווי עס פּאַסט פאַר אינז; די פיינדליכע קרעפ-טען שלעפּען איהר אין אַנ'אַנדער זייט. מיר ראַנגלען זיך; לויט דעם הויפּט-יסוד פון דעם קאַמפּף גרופּירען זיך פון ביידע צדדים אַלע יענע עלעמענטען, יועלכע שפּראָצען אַרויס פון דיזען פונ-דאַמענט; עס ווערען בעשאַפען געוויסע געזעצען, דינים, תקנות, עס קומען אויף פערשיעדענע גייסטיגע שטרעמונגען, עס שניידט זיך אויס דער אָדער יענער פּסיכאָלאָגישער טיפּ, בקיצור, עס וויקעלט זיך פאַנאַנדער דאָס לעבען אין אַלע זיינע רייכע פערשיעדענע פאָר-מען און געשטאַלטען. מיר נעהמען דאָס לעבען, וועלכער האָט אויפ-געבליהט אין די גרענעצען פון אַ בעשטימטען נאַציאָנאַלען אָרגאַניזם, פערגלייכען איהם מיט'ן בילד פון אַנדערע נאַציאָנאַלע גרופּען. מיר בעמערקען, אַז אין געוויסע פּרטים זענען זיי עהנליך, און אַנדערע אין דאָ צווישען זיי אַ חילוק; די שפּראַך איז ניט די אייגענע, די

פּסיכאָלאָגיע איז אַנ'אַנדערע, עס זענען פערשידענע די פערהעלט־
ניסען פון די געזעלשאַפטליכע קרעפטען, די רעכטען זיינע זענען
אַנדערע. דער גוף איז דער אייגענער, די אויבערשטע הויט איז
אַנ'אַנדערע. וואָס־זשע פאַר אַ בעדייטונג האָט פאַר אונז די פער־
שידענהייט פון דער הויט? דאַרפען דען מיר זאָרגען דערפאַר, אַז
דער חילוק זאָל האָבען אַ קיום, אַז דיזער אָדער יענער גוף זאָל זיין
איינגעוויקעלט אין אייגענטהימליכע פאָרמען? דאַרפען מיר דאגה'ן
אַז דיזע פערשידענהייטען זאָלען זיך פערשטאַרקען און פערבלייבען
אויף שטענדיג?

אַוודאי ניט. — מיר זענען ניט קיין נאַציאָנאַליסטען.

קוקען מיר מיט אַ קרומען אויג אויף דיזע פערשידענהייטען?
דאַרפען מיר אָן צו איז'ווינשען פאַר אונז, אַז די גופים זאָלען זיין איינ־
געוויקעלט אין דער זעלבער הויט? צו דאגה'ן מיר דערפאַר, אַז די פער־
שידענע נאַציאָנאַלע געשטאַלטען זאָלען אָנ'נעהמען דיזעלבע פאָרם?

אַוודאי ניט. — מיר זענען ניט קיין אַסימילאַטאָרען.

מיר פיהרען דעם קלאַסען־קאַמפף, קעהרען די הויפט־פרו־
זשינע, גיבען אַ בעשטימטע ריכטונג דעם הויפט־שטראַהל. אָט דאָ
ליגען אונזערע אויפגאַבען, אָט דאָ איז דאָס פעלד פון אונזערע
ציעלען. מיר ראַמען אָב אַלץ, וואָס לאָזט אונז ניט קירצען נאָך
אונזער בעגעהר אונזער פּראָזשינע; פון דיזען שטאַנדפונקט שאַצען
מיר אָב אַלע ערשיינונגען.

אין זיין ענטוויקלונג נעהמט אָן דער קלאַסען־קאַמפף פער־
שידענע נאַציאָנאַלע פאָרמען, פערוויקעלט זיך אין אַנ'אייגענטהימ־
ליכען שלייער, דער שטראַהל פאַרבט זיך אָב אין דיזען אָדער
יענעם נאַציאָנאַלען קאָליר. דאָס ליגט שוין מחוץ לתחום פון
אונזערע ציעלען. דאָ זענען די רעזולטאַטען פון אַ בלינדען פּראָ־
צעס, אויף וועלכען מיר האָבען קיין שליטה ניט.

דער טעות פון די נאַציאָנאַליסטען און אַסימילאַטאָרען בעשׁ־
טעהט אין דעם, וואָס דיזע רעזולטאַטען נעהמען זיי אָן
פאַר ציעלען.

זאָל זיין, אַז די געשיכטע האָט גוזר געווען, אַז די אידען
דאַרפען זיך אַסימילירען צווישען אַנדערע פעלקער. מיר פון אונזער
צד וועלען ניט לייגען קיין כחות ניט אויף אָבצוהאַלטען דיזען פּראָ־
צעס, ניט אויף אונטערצוהאַלטען איהם. מיר מישען זיך גיט אין

דעם; מיר זענען נייטראַל. אמת, מיר זענען געגען די אַסימילאַטאָ=
רען, וועלכע ציעלען זיך צו דיזער אַסימילאַציע; נאָר מיר קעהרען
זיך אָב פון זיי ניט דערפאַר, מחמת מיר האָבען מורא פאַר דער
אַסימילאַציע, נאָר דערפאַר, ווייל זי קען ניט געשטעלט ווערען אַלס
אַנ'אויפגאַבע, זי קען נאָר זיין דער רעזולטאַט פון דער געזעלשאַפט=
ליכער ענטוויקלונג, מיר זענען ניט געגען אַסימילאַציע, מיר
זענען געגען אַסימילאַציאָנס=שטרעבונג.

זאָל זיין, אַז דער געשיכטע געלוסט זיך, דאָס ביי די אידען
זאָל פאַנאַנדערבליהען אַנ'אייגענטהימליכע קולטור; מיר וועלען
זיך ניט סטאַרען אָבצוהאַלטען דיזען גאַנג, מיר וועלען אויך ניט
דאַגה'ן פאַר זיין ערפאָלג, מיר מישען זיך ניט דערינען; מיר
זענען נייטראַל. אמת, מיר זענען געגען די נאַציאָנאַליסטען, וועלכע
שטעלען זיך פאַר אַנ'אויפגאַבע ניט אַנדערש אַיינצוהאַלטען די
אידישע קולטור. נאָר געגען זיי זענען מיר ניט צוליעב דעם, וואָס
מיר ווילען ניט אַ נאַציאָנאַלען קאָליר פון דער קולטור, נאָר דער=
פאַר, ווייל מיר האַלטען ניט פאַר אַנ'אויפגאַבע אַיינצופלאַנצען
איהר. מיר זענען ניט געגען דעם נאַציאָנאַלען כאַראַק=
טער פון דער קולטור, מיר זענען געגען דער נאַציאָ=
נאַליסטישער פאָליטיק.

מיר פערהאַלטען זיך נייטראַל צו יענע פראַגען, וועלכע זענען
אין דעם אָדער יענעם געביעט כאַראַקטעריסטיש פאַר די בורזשואַזיע.
אין דיזער פאָרם לייקענען מיר אָב די נאַציאָנאַלע פראַגע,
אין דיזער געשטאַלט איז זי אונז ניט נוגע.

נאָר אויף אַנ'אַנדער אופ'ן שטעלען מיר זי פון דאָס ניי. אין
אַנ'אַנדער זין זענען מיר ניט גלייכגילטיג, מיר מישען זיך אַריין אין
דעם גאַנג פון לעבען מיט דער גרעסטער ענערגיע און שטייפקייט.
און אָט אין וואָס פאַר אַ זינען עס עקזיסטירט פאַר אונז די נאַציאָ=
נאַלע פראַגע. וואָס פאַר אַ גאַנג די געשיכטע זאָל ניט אָננעהמען,
וועלכע האָפנונגען דער היסטאָרישער פראָצעס זאָל ניט געבען דער
נאַציאָן, צו איז איהר באַשערט אָנצוווערען אָדער צו פערשטאַרקען
איהר אייגענטהימליכע נאַציאָנאַלע געשטאַלט, דיזער פראָצעס מוז
על כל פנים אָבגעהן גלאַט און פריי. יעדער צוואַנג, יעדע
אונטערדריקונג, סיי דירעקט, סיי אונדירעקט, מוז בעזייטיגט ווערען,
נאָר די אינעווייניגסטע בעדערפניסען פון דעם פאָלקס=לעבען דאַר=

כען שפּיעלען אַ ראָלע אין דעם פּראָצעס פון אויסאַרבייטען קולטורעלע פאָרמען, נאָר דיזע אינעוויינינגסטע בעדערפניסען האָבען דאָס רעכט אויס צו'טענה'ן זיך ביי'ם דין תורה צווישען די „אייגענע" און „פרעמדע" פאָרמען פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען; אָן שום מניעות מוז זיך ענטוויקלען די מלחמה פאַר'ן לעבען פון די קולטורעלע פאָרמען, וואו די וויינינגער צוגעפּאַסטע געהען צום גרונד, אָבטרעטענדיג זייער פּלאַץ פאַר יענע, וואָס טויגען און פּאַסטען בעסער פאַר די מענשליכע בעדערפניסען. — דער פאָלקס-אָרגאַניזם, פריי פון יערערען אויסערען דרוק, דאַרף אַליין, דורך זיין אייגענער ענטוויקלונג, בעשטימען זיין גורל!

עס וואָלט געווען אַ גראָבער פעהלער אַרויסצוטרייסלען די קאָר אין איינעם מיט די פּסולת, אָבצולייקענען אין גאַנצען די נאַציאָנאַלע פראַגע, מחמת וואָס? — וויל מיר קענען ניט מסכים זיין מיט דעם, ווי די בורזשואַזיע שטעלט דיזע פראַגע. עס וואָלט געווען אַ גראָבער פעהלער, ווען די קריטיק פון די פיינדליכע שטרעמונגען זאָל אונז אַזוי וויט פערבלענדען, אַז מיר זאָלען הינטער דיזע פיינדליכע שטרעמונגען ניט בעמערקען די מעגליכקייט ריכטיג צו שטעלען די נאַציאָנאַלע פראַגע פון אונזער פּראָלעטאַרישען קלאַסען-שטאַנדפּונקט; עס וואָלט געווען אַ פעהלער צו טענה'ן אין איין קול, אַז מיר מוזען זיך פון איהר אָבזאָגען, אָנשטאָט דעם צו פּרובען שטעלען איהר אויף אַ ריכטיגען יסוד. אין אַנ'אַנדער פאָרם, אין אַנ'אַנדער שטח, אין אַנ'אַנדער אופן, און צוליב אַנדערע אויפגאַבען עקזיסטירט די נאַציאָנאַלע פראַגע אויך פאַר אונז.

דער קאַמפּף פאַר נאַציאָנאַלע פרייהייט הייסט נאָך ניט נאַציאָנאַליזם — האָבען מיר אויבען געזאָגט. ער ווערט נאַציאָנאַליסטיש נאָר פון יענעם מאָמענט אָן, ווען אויף דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג ווערט אַרויפגעלייגט יענער אייגענטהימליכער בורזשואַזער שטעמפּעל, וועלכען מיר האָבען אויבען כאַראַקטעריזירט. נאָר דיזער קאַמפּף געגען דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג קען פריי זיין פון יעדען בורזשואַזען ריח, און דאַמאָלס וועט עס זיין אַ בעפרייאונגס-קאַמפּף, אַנ'אמת-פּראָגרעסיווע אַרבייט. נאָר ניט נאָר וואָס זי קען, זי דאַרף זיך פיהרען אין דיזען ריינעם געשטאַלט, פריי פון אַלע רעאַקציאָנערע עלעמענטען. דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף איהם אַריינשטעלען אין די סיסטעם פון זיין בעפרייאונגס-קאַמפּף. עס איז ניט גענוג פאַר'ן פּראָלעטאַריאַט בלויז אָבצוטרייסלען זיך פון די

בירזשאזע נאציאנאליסטישע שטרעבונגען, ער מוז עס נעהמען אין זיינע הענד, פיהרען אויף זיין שטייגער, ווייל דאס פארערט זיין קלאסען־אינטערעס אין דער רייניער געשטאלט.

די נאציאנאלע אונטערדריקונג איז ניט געריכטעט דוקא ספעציעל געגען דעם ארבייטער־קלאס; זי איז געריכטעט געגען דער גאנצער נאציאן. נאר פאלענדיג אויף איהרע פערמעגענדע און געבילדעטע קלאסען אויך, לייגט זי זיך מיט דער גאנצער משא אויפ'ן ארבייטער־קלאס, וועלכער פערנעהמט די אונטערשטע שטופע אויפ'ן געזעלשאפטליכען לייטער און וועלכער פיהלט נאך שטארקער אויף זיינע פלייצעס די קלעפ, וועלכע עס שטעהט אויס די גאנצע נאציאן.

די נאציאנאלע אונטערדריקונג שטיקט דעם קולטורעלען לעבען. די מניעות, וועלכע די מוטער־שפראך און די ליטעראטור בעגעגענען, מוזען זיך אויפ'ן שעדליכסטען אופן אבּרופען אויף די אונמיטעלבארע אינטערעסען פון דעם ארבייטער. ער קען ניט קיין פרעמדע שפראך, ער לעזט ניט קיין פרעמדע צייטונגען. זיין אונטערדריקטע שפראך און ליטעראטור — איז דאס איינציגע פענסטער, דורך וועלכען ער קען זיך אריינציהען אין קולטורעלען לעבען, ענטוויקלען זיין בעוואוסטזיין, פערברייטערען זיין השכלה. דיזעס פענסטער ווערט פאר איהם צוגעמאכט. דער פראלעטאריער איז אבגעשניטען פון קולטורעלען לעבען.

די אונטערדריקענדע מלוכה אנערקענט ניט זיין מוטער־שפראך, זי גיט ארויס געזעצען, דרוקט פעראָרדנונגען אין א שפראך, וועלכע איז אונבעקאנט דעם פראלעטאריער; די משפטים ווערען איך געפיהרט אויף אן־אונבעקאנטער שפראך, דאס זעלביגע איז מיט אלע ענינים, וואס טהוען זיך אב אין די קאנצעלאריעס. דער ארבייטער איז אבגעשניטען פון דעם מלוכה־לעבען, ער בלייבט שטעהען הינטער דעם בירגערליכען און פאליטישען לעבען, די מלוכה־מאשין שטיקט איהם, און ווערגט איהם אהן רחמנות, און ער איז ניט בכח צו פערטהיידיגען זיך.

די נאציאנאלע אונטערדריקונג בעשאפט א פעראכטונג צו די אונטערדריקטע, זי מאכט זיי שפל, אקוראט ווי זיי וואלטען געהערען צו א נידעריגערען סארט מענש, פלאנצט אין זיי איין די פסיכאלאגיע פון א שקלאף — א מורא'דיגער קלאפ פאר די גאנצ־

זויקלונג פון דער אמת'ער קלאסען־פסיכאלאגיע פון דעם זעלבסטבעוואוסטען פראלעטאריאט.

די נאציאנאלע אונטערדריקונג — און דאס איז איינער פון איהרע גרעסטע חסרונות — שמיעדט צונויף אין איינעם אלע טיילען פון דער אונטערדריקטער נאציאן. דער נאטירליכער געפיהל פון ווידערשטאנד איז מקרב איינע מיט די אנדערע די פיינדליכע קלאסען. זיי פעראייניגען זיך אין נאמען פון דער זעלביגער שנאה צו דעם אונטערדריקער פון דער פרעמדער נאציאן, פון דער שנאה, וועלכע וואקסט אויס אויפ'ן באדען פון אונטערדריקונג. די פאנאטישע צוגעבונדענקייט צו אלץ, וואס איז „אייגענע" איז אזוי טייער, אז מען פערגעסט דערביי די היימישע מחלוקות. דער „אויסערער" פיינד שטויסט ארויס דעם „אינערען"; די נאציאנאלע הפכים פערשטעלען די קלאסען־געגענזאצען, די דרשות וועגען נאציאנאלער אחדות אין נאמען פון אנ'אלגעמיינעם קאמפף געגען דעם אלגעמיינעם פיינד פערהילכען דעם אויפרוף צום „בירגערקריעג" פון דעם עקספלואטירטען קלאס, וועלכער שטעהט אויף געגען דעם קלאס עקספלואטאטארס. די נאציאנאליסטישע און שאוויניסטישע געפיהלען בליהען פאנאנדער שטארק און בריים, פערגיפטענדיג די גייסטיגע לופט, אנפיהלענדיג איהר מיט אלערליי מינים רעאקציאנערע שטימונגען און אינסטינקטען. דער פראלעטאריאט שטיקט זיך אין דיזער פער'כמ'טער לופט: עס ווערען בעשאפען די אונגינסטיגע בערינגונגען פאר די ענטוויקלונג פון זיין קלאסען־בעוואוסטזיין. ווען מיר זאלען זיך נאר דערמאנען אן יענע שעדליכע ווירקונג, וועלכע די נאציאנאלע אונטערדריקונג ברייננט אויך דער הערשענדער נאציאן, אפילו איהרע פראלעטארישע שיכטען, וועלען מיר בעקומען א פאלשטענדיגען בילד פון יענע אלע צרות, וועלכע די נאציאנאלע אונטערדריקונג בריינגט דעם ארבייטער־קלאס.

און ווי באלד עס איז דא אזא צרה, מוז מען געגען איהר קעמפפען. ווי באלד עס עקזיסטירט די אונטערדריקונג, דארפען מיר געפינען מיטלען אויף צו בעזייטיגען איהר. עס איז שוין לאנג צייט ארויסצופיהרען די נאציאנאלע פראגע פון יענער לאגע, וועלכע זי פערנעהמט אין איניגע סאציאלדעמאקראטישע קרייזען: עס האט ניט קיין טעם און קיין זינען, וואס מען קוקט אויף

איהר אַזױ קריום, עס איז גאָר קײן שכל ניט, וואָס מען נעהמט זיך פאַר איהר מיט אַ״אַ שוואַכען חשק. עס פערשטעהט זיך, מיר דאַרפען ניט געהן אויפ׳ן וועג פון אַלערלײ מינים נאַציאָנאַל־דעמאָק־ראַטען, וועלכע פערליהרען יעדען ברײטען היסטאָרישען בליק און וועלכע שטעלען די נאַציאָנאַלע פראַגע אין מיטעלפונקט פון זײער פראָגראַם, מיר דאַרפען געדײנקען, אַז דאָס איז ניט די עיקר־פראַגע, נאָר אײנע פון די פיעלע פראַגען וועגען אינטערדריקונג בכלל, און דעריבער מוז זי פערנעהמען אַן אָרט נעבען די אַנדערע. איהר ראָלע אין דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פראָגראַם דאַרף זײן ניט מעהר, אײדער די ראָלע פון אַנדערע וויכטיג־סטע פראַגען.

ניט מעהר, נאָר אויך ניט ווענינגער! עס איז שעדליך, ווען מען בלאָזט עס צו שטאַרק פאַנאַנדער, עס איז אָבער אויך ניט ווענינגער שעדליך, ווען מען שטרײכעלט איהר אויס, עס איז ניט ווענינגער שעדליך, ווען מען לאָזט זי אויסען אין גאַנצען. הערט נאָר, וואָס עס זאָגען אונז אײניגע סאָציאַלדעמאָקראַטען, וועלכע האָבען נאָך אַ פנים ניט געפונען פאַר נויטיג אָבצורײניגען זיך פון אַסימילאַטאָרישע געגנג:

„אין רוסלאַנד האָבען נאָך די סאָציאַל־דעמאָקראַטען ניט וואָס צו אײלען זיך מיט׳ן אויסאַרבײטען אַ דעטאַלע דעקלאַראַציע וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע און קענען זיך בענוגענען מיט דער פרינ־ציפיעלער ערקלערונג אין מאַניפעסט פון דער רוסלענדער פ אַ ר ט ײ, וועלכע אַנערקענט די זעלבסט־בעשטימונגס־רעכט פאַר אַלע נאַציאָנען. דיזע ערקלערונג דריקט אויס פאָלשטענדיג קלאָר און דײטליך דאָס אַלגעמײנע פערהאַלטען זיך צו אַלע נאַציאָנען פון רוסלאַנד, און דאָס איז דערווײל פאָלשטענדיג גענוג*).

וואָס פערשטעהט דער מחבר אונטער דעם וואָרט „דעטאַלע" דעקלאַראַציע זעהט מען דערפון, וואָס דאָ ווערט געפיהרט אַ פאָ־לעמיק געגען דער רעזאָלוציע פון 4־טען צוזאַמענפאָהר פון „בונד", וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט דעם פ ר י נ צ י פ פון נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע. דיזען אַלגעמײנעם פרינציפ האַלט דער מדקדק פון דער „רײנער" סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראָגראַם פאַר אַ צופיעל

*) „זאריא" נומער 4 „וועגען דער אידישער ארבײטער־בעוועגונג אין רוסלאנד".

„דעטאַלען"; פאַר איזם איז געגוג דער פונקט וועגען זעלבסט־בעשטימונג. ער קען „רוהיג וואַרטען". און וואָס בעדייט דיזער פונקט וועגען זעלבסטבעשטימונג. וועלכער „איז פאָלשטענדיג קלאָר און דייטליך"? וועגען דעם לעזען מיר אין „איסקראַ" (נומ. 33 „פון דער פאַרטיי") פאָלגענדעם:

„די פאָדערונג אַנצוערקענען דאָס רעכט אויף זעלבסטבעשטי־מינג פאַר יעדע נאַציאָן בעדייטעט נאָר דאָס, אַז מיר, די פאַרטיי פון פראָלעטאַריאַט, דאַרפען זיין שטענדיג און אונבעדינגט געגען יעדען פערזוך צו ווירקען פון אויסען מיט געוואַלד־מיט־לען אָדער מיט אונגערעכטיגקייט אויף די זעלבסט־בעשטימונג פון פאָלק.

גאַנץ פיין. אָט דאָס אַלזאָ איז די פראָגראַם פון „איסקראַ" בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע: מיר זענען שטענדיג קעגען יעדען פערזוך צו ווירקען מיט געוואַלד־מיטלען אָדער אונגערעכ־טיגקייט אויף די נאַציאָן. דאָס איז בלא ספק קלאָר און דייטליך, מיר קענען נאָר בעדויערן, וואָס דיזע קלאָרע און דייטליכע פאָר־מולירונג ווערט דערטרונקען אין אַ שטראָם פון אַסימילאַטאָרישע געפיהלען. נאָר ניט דאָס זענען מיר אויסען. ניט שוין זשע איז דער מאמר: מיר, די פאַרטיי פון פראָלעטאַריאַט, דאַרפען ניט דערלאָזען געוואַלדטהאַטען געגען אַ נאַציאָן — שוין אַ פונקט פון פראָגראַם? ניט שוין זשע איז דאָס אַנ'ענטפער פון דער פראָגראַם אויף די פראַגע? צו איז ניט דייטליך, אַז אין דיזער פראַזע איז נאָר ערשט געשטעלט געוואָרען די פראַגע, ד. ה. ס'איז איבערגע'חזר'ט געוואָרען מיט אַנדערע ווערטער די פאָראויסזעצונג אויף צו לעזען איהר? די פאָראויסזעצונג איז קלאָר און דייטליך; די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג עקזיסטירט, מיר מוזען קעמפפען געגען איהר. נאָר פון אַ פראָגראַם פאָדערט מען דאָך ניט נאָר די בלויזע פאָרמולירונג פון דער פראַגע — זי קען אין בעסטען פאַל פערנעהמען אַ פלאַץ אין דער אַלגעמיינער הקדמה; פון די פראָגראַם־פונקטען ער־וואַרטען מיר אַנ'ענטפער אויף די פראַגע, מיר פאָדערן, זי זאָל איהר לעזען. אָבער אָנשטאָט אַנ'ענטפער און אַ לעזונג איז מען אונז מכבד מיט דער אייגענער פראַגע נאָך אַמאָל, וועלכע איז נאָר איבערגע'חזר'ט מיט אַנדערע ווערטער. מיר שטעלען דער פראָג־ראַם אַזאַ שאלה: וואָס דאַרף די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויפטהון,

בדי צו בעטײַטיגען די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג? און מיר האָבען אַזאַ מין נעהויבענע תשובה: „מיר, די פּאַרטײַ" פון פּראָלעטאַריאַט, דאַרפען זײַן שטענדיג און אונבעדינגט"... געגען דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. אַ שײנעם יאשר כח!

מיר וואָלטען אַ בעלן געווען צו וויסען, וואָס וואָלטען געזאָגט די זעלביגע חברים, ווען אין אַ וועלכער עס איז פּראָגראַם וואָלט אין די פּונקטען, וואו עס רעדט זיך וועגען ערבות געגען דער פּאָליטישער אונטערדריקונג, געשטאַנען אַזאַ מין שעהנע מליצה: מיר, די פּאַרטײַ פון פּראָלעטאַריאַט, זענען שטענדיג און אונבעדינגט געגען דער פּאָליטישער געוואַלד, און אָנשטאָט דער עקאָנאָמישער פּראָגראַם וואָלט געשטאַנען אַזאַ פּונקט: מיר, די פּאַרטײַ פון פּראָלעטאַריאַט, זענען שטענדיג און אונבעדינגט געגען דער עקאָנאָמישער אונטערדריקונג.

וואָלט מען אַזוינע חקירות אַרויסגעשטעלט בנוגע צו אַנדערע פראַגען, וואָלט מען אפשר אָנגעהויבען מספק צו ווערען, צו איז זײער מחבר בײַם קלאָרען דעת: דאָ געהט אַלם גלאַט אַראָב און קײנער חדוש'ט זיך אפילו נית.

אַ פּנים, אַז דער ענין איז נית גאָר אַזוי גלאַט, אַז אַזעלכע „פאָדערונגען" דאַרפען נית פערנעהמען קײן אָרט אין אַ פּראָגראַם, אַז אָדער מען דאַרף לגמרי אַרויסוואַרפען דיזען פּונקט גופא, אָדער דעם פּרוש, וואָס „איסקראַ" מאַכט אויף איהם, עס איז אויך קלאָר, אַז עס מוז נעהמען אַ כוף צו די אוננאָרמאַלע לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך די נאַציאָנאַלע פראַגע.

די שאלה פאָדערט אַ תשובה, און נית יאָגענדיג זיך נאָך די אײנצעלנע דעטאַלען דאַרפען מיר געבען אַן'ענטפער אויף איהר בכלל אין דער זעלביגער צײַט, ווען מען גיט אַן'ענטפער אויף אַלע איבעריגע פּונקטען פון דער פּראָגראַם, ד. ה. טאַקע איצט גופא, נית אָבלײגענדיג איהר ביז משיח וועט קומען.

די פראַגע, שטעהט אזוי: אַזוי ווי די נאַציאָנאַלע אונטער- דריקונג רופט זיך אָב שטדליך אויף דער לאַגע פון פּראָלע- טאַריאַט, פערהאַלט זײַן ענטוויקלונג און איז אַ שטערונג פאַר זײַן קלאַסען-קאַמפף, מוז מען — אויף וויפיעל דאָס איז איבער- הויפּט מעגליך בײַ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג — פערהיטען יעדע נאַציאָן פון דיזער אונטערדריקונג. מען מוז בעשאַפען

גאראנטיעס, וועלכע פערזארגען פאר יעדער נאציאן די פאל-
שטענדיגע פרייהייט פון קולטורעלער ענטוויקלונג, וועלכע
בעשטימען אליין, וואס עס דריקט און צוקאליעטשעט איהר.

און וואס בעשטעהט דיזע בעווארענעס? וואס פאר געזעצען
און איינריכטונגען דארפען מיר זעהען צו דערשלאגען זיך? מיט
אנדערע ווערטער, וואס פאדערט אונזער פראגראם בנוגע צו דער
נאציאנאלער פראגע?

## II.

אין פאריגען קאפיטעל האבען מיר זיך געסבארעט אויפצו-
קלערען יענע פרינציפיעלע פאראויסזעצונגען, אהן וועלכע עס איז
נאך אונזער מיינונג להלוטין אונמעגליך צו שטעלען ריכטיג די
נאציאנאלע פראגע, אז זי זאל שטימען מיט דער גאנצער סאצ.-דעמ.
פראגראם.

איצט האבען מיר בדעה איבערצוגעהען צו דער לעזונג
פון אט דער פראגע און פערנעהמען זיך מיט דער קריטיק פון יענע
אלגעמיינע מיטלען, ריכטיגער געזאגט, פון יענע דירעקטיווען, וועלכע
מען שטעלט ארויס אלס אנ'ענטפער אויף דער נאציאנאלער פראגע.

נור קודם כל מוזען מיר מאכען א נויטיגע בעמערקונג. עס
קומט אויס זעהר אפט צו רעדען וועגען מיטלען, וועלכע זאלען פער-
ווארענען פון אונטערדריקונג די קולטורעלע ענטוויקלונג פון א נא-
ציאן, וועגען ערבות געגען דער נאציאנאלער אונטערדריקונג. און אז
וו. מען דארף איין מאל פאר אלע מאל פעסטשטעלען, אז אזוינע
אויסדריקען ווי „ערבות", „גאראנטיעס" און כדומה דארף מען רא
פערשטעהען אין א גאנץ בעשטימטען זינן. מיר וויסען גאנץ גוט,
אז אין דער קאפיטאליסטישער ארדנונג קענען ניט געמאלט זיין
וועלכע ס'איז אבסאלוטע ערבות, וואס זאלען להלוטין פערווארענען
די אדער יענע קאטעגאריע בירגער פון דעם אדער יענעם מין
אונטערדריקונג. די נאציאנאלע פראגע פון אונזער צייט, פונקט ווי
אלע אנדערע פראגען איז פערקניפעלט און ארגאניש פערבונדען מיט
די עצם יסודות פון דער קאפיטאליסטישער ווירטשאפט, און כל זמן
עס וועט ניט בעשטימט ווערען די קאפיטאליסטישע קאנקורענץ,

זועלכע רופט אַרוים כסדר נאַציאָנאַלע מחלוקת, כל זמן עס וועלען נים בעזייטיגט ווערען די אַלע פּאָליטישע און גייסטיגע שטרעבונגען פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וועט קיין זאַך אין דער וועלט נים קענען דיענען פאַר אַ „רפואה שלמה" פון די נאַציאָנאַלע סכסוכים און גזלות. אַפילו די פּאָלקאָמענסטע געזעצגעבונג איז אָהנמעכטיג געגען אַזעלכע פאָרמען פון נאַציאָנאַלע סכסוכים, ווי צ. ב. דער געזעלשאַפטליכער באָיקאָט, וועלכער האָט די מעגליכקייט לויט נאָך זיין עצם כאַראַקטער דורכצושפּאַרען זיך דורך די נעצען פון די מלוכה-תקנות און געפינען זיך איין אָרט אין די געזעלשאַפטליכע און פּערזעהנליכע בעציהונגען.

אַבסאָליוטע ערבות געגען דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג קענען מיר אין דער בורזשואַזער וועלט נים האָבען, אַקוראַט ווי מיר קענען נים האָבען איצט אַזעלכע ערבות געגען אַלע אַנדערע סאָציאַלע און פּאָליטישע צרות, וועלכע קענען בעזייטיגט ווערען ערשט דאַנן, ווען מיר וועלען פּטור ווערען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט; אָט צוליעב דעם טאַקי געהען-אַריין די פאָדערונגען וועלכע זענען נוגע די נאַציאָנאַלע פראַגע, אין אונזער פּראָגראַם-מיניטום, דאָס הייסט אין יענעם טייל פון אונזער פּראָגראַם, וועלכער אויסטייטשענדיג די פאָדערונגען, וואָס מיר שטעלען אַרויס דער בורזשואַזער וועלט, איז בעצם נור אַ צייטווייליגע סגולה, וועלכע זאָל אויף דערווייל פערגרינגערן די עקסיסטענץ פון דעם פּראָלעטאַריאַט און אָפּרייניגען איהם דעם וועג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אָט פאַר וואָס בעת מ'רעדט וועגען פּערוואָרענען געגען נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, דאַרף מען פערשטעהען, אַז מען מיינט דערביי — הגם מען טייטשט עס נים אויס בפירוש — „אויף וויפיעל אַזעלכע פּערוואָרענעס זענען איבערהויפּט מעגליך אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג". אָט פאַר וואָס מען טאָר לחלוטין נים אָנגעבען אונזער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פאַר אַ „רפואה שלמה", פאַר אַ מין כשופ'דיגע סגולה, וועלכע האָט בכח אויסצוואָרצלען פון דער וועלט די נאַציאָנאַלע סכסוכים. כל זמן עס עקזיסטירט דער קאַפּיטאַליזם, קענען מיר נאָר בלויז גרינגער מאַכען דעם נאַציאָנאַלען קאַמפּף — און דאָס האָט אַ מורא'דיגע בעדייטונג, וועלכע מען טאָר נים שעצען צו נידעריג — מיר קענען איהם איינשרענקען, אַז זיין שליטה זאָל נים געהען ווייטער פון יענע קרייזען, אויף וועלכע אונזער פּאָליטישע

אַרבּייט קען קיין ווירקינג ניט האָבּען, מיר קענען אָבּשוואַכען זיין קראַפט און בּעדייטונג; מיר האָבּען בּכח — דאָס קען געמאָלט זיין בּיי בּעזאָנדערס גינסטיגע בּעדינגונגען — דאָ אָדער דאָרטען אויף אַזוי פיעל אָבּשוואַכען זיין שעדליכקייט בּיז צום קלענסטען גראַד — גאָר ערב זיין, אַז מיר ווען אויסוואָרצלען אין גאַנצען דעם נאַציאָנאַלען קאַמפף, דאָס וואָלט געווען פון אונזער צד אַזאַ פּאָליטישער שווינדעל, אַ קוראַט ווי די הבטחות פון די סאָציאַל-רעפּאָרמאַטאָרס צו בּריינגען דעם סאָציאַלען שלום, ניט אָבּשאַפענדיג דעם קאַפּיטאַליסטישען פּראָדוקציאָנס-אופן.

דאָס מוז מען געדיינקען, נאָר ניט ווענינער וויכטיג איז אויס-צומיידען אַנ׳אַנדער טעות, וועלכער קען בּריינגען נאָך צו געפעהר-ליכע רעזולטאַטען. אַנדערע מיינען אַזוי: היות די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם איז ניט מעהר ווי אַ צייטווייליגע סגולה, דאַרפען מיר זיך איבּערהויפּט בּענוגענען מיט אַ קלייניגקייט און אָבּזאָגען זיך פון אַרויסצושטעלען בּרייטערע פאָדערונגען; סיי ווי סיי, הייסט עס, וועט מען מיט אַ לעפיל ניט אויסשעפּען דעם ים. עס איז גאָר איבּעריג צו זאָגען, ווי ווייט אַזאַ פּאָליטיק איז שעדליך. אונזער פּראַקטישע פּראָגראַם איז מינימאַל אין פערגלייך מיט דער גאַנצער גרויס פון דער סאָציאַלער איבּערקעהרעניש, צו וועלכער די סאָצ. דעמאָק. צילט זיך; זי איז מינימאַל אין פערגלייך מיט דער קאָפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט; אָבּער בּנוגע צו דער בּורזשואַזער געזעלשאַפט מוז זי זיין אָהן שום ספק מאַקסימאַל, זי מוז זיך שטאַרען צו נעהמען בּיי איהר אַלץ, וואָס זי האָט נאָר בּכח צו געבּען. ניט בּעשאַפענדיג קיין פּוסטע חלומות וועגען די גרויס פון די הנחות, וועלכע די בּורזשואַזע געזעלשאַפט קען אונז געבּען, ניט זענענדיג גענאַרט אין דעם, ווי ווייט אונזערע ערעאָבּערונגען קענען האָבּען אַ פעסטען קיום דאַרפען מיר דאָך פון דעסטוועגען ניט איינשרענקען זיך אַליין מיט׳ן גוטען ווילען, אַרויסשטעלען מיט עניוות קליינע פאָדערונגען, טרייס-טענדיג זיך דערמיט, וואָס אונזערע פאָדערונגען וועלען סיי ווי סיי אין גאַנצען ניט דערגרייכט ווערען. אָט טאַקי צוליבּ דעם, וואָס די בּורזשואַזע אָרדנונג וועט שוין אַליין זאָרגען דערפאַר, אַז מ׳זאָל אונז בּעשרענקען, דאַרפען מיר זיין ווייט פון יעדער זעלבּסט-בּעשרענקונג און שטאַרען זיך אַרויסצורייסען בּיי דער קאַפּיטאַליס-

טישער אָרדנונג דעם העכסטען סכום, וועלכען מען קען בײַ איהר ארויסקריגען.

נאָך דיזע אַלגעמײַנע בעמערקונגען, געהען מיר איבער צום עצם ענין.

די נאַציאָנאַלע פראַגע שטעהט פאַר אונז אין 2 געשטאַלטען, און אָט דעם צווײַזײַטיגען כאַראַקטער איהרען, אָן וועלכען מען פערגעסט זעהר אָפט, מוז מען קודם כל בעטראַכטען. די ערשטע פאָרמע איהרע איז — די פראַגע וועגען פאָליטישער אונאָבהענגיג־קײַט, וועגען אַ זעלבסטשטענדיגע נאַציאָנאַלע מלוכה. אַ מלוכה־נאַציאָן, וועלכע האָט פריהער עקזיסטירט אַלס אַ זעלבסטשטענדיגער פאָליטישער אָרגאַניזם, ווערט אונטערטהעניג איין אַנדער מלוכה, אַ שטאַרקערער; אַזוי ווי זי ווערט בעהעפט רײַן מעכאַניש דורך דעם צוואַנג פון דער פרישער מאַכט, בעהאַלט זי דעריבער, אַפילו אין אַ ביסעל צוקאַליעטשעטער אונטערדריקטער פאָרמע, איהר אייגענעם סאָציאַל־פאָליטישען לעבען און זי שטרעבט אָבצורײַסען זיך פון איהר אונטערדריקער־איבערהאַר. עס פיהרט זיך אַ קאַמפף פאַר זעלבסט־שטענדיגקײַט. דער רעזולטאַט איז — ווען דער קאַמפף גיט זיך איין — די פאָליטישע קאַרטע ווערט רײַכער מיט נאָך אַ זעלבסטשטענ־דיגער מלוכה. אָט דאָס איז זײַן פאָרמע.

די צווײַטע זעהט אויס גאַנץ אַנדערש. אין דעם זעלביגען תחום פון אַ איין איינציגע־ מלוכה לעבט אַ געוויסע צאָהל נאַציאָנען, וועלכע האָבען פערלאָרען די לעצטע שפּורען פון אַ זעלבסטשטענדיגער מלוכה־עקזיסטענץ, נאַציאָנען, וועלכע זענען פערקניפּט איינע מיט די אַנדערע אין זייער עקאָנאָמישען און פאָליטישען לעבען, וועלכע זענען אויסגעמישט איינע מיט די אַנדערע אויף איין טעריטאָריע און, וועלכע האָבען שוין: אַפילו אויפגעהערט צו קלערען וועגען פאָליטישער אונאָבהענגיגקײַט. דאָס איז אַ נאַציאָנאַליטעטען־מלוכה. אָט דאָ שטעהט די פראַגע אַזוי: ווי זאָל מען דערגרײַכען, אַז די פערשידענע נאַציאָנען זאָלען לעבען צווישען זיך בשלום אין דער זעלביגער מלוכה; ווי זאָל מען פערוואָרענען, אַז ס'זאָלען צווישען זיי ניט פאָרקומען קײַן סכסוכים, אַז די שטאַרקע נאַציאָנען זאָלען ניט שטיקען די שוואַכערע.

בעצם בילדעט נאָר אָט די פראַגע — וועגען דער בעציהונג צווישען פערשידענע נאַציאָנען, וועלכע לעבען אין איין מלוכה —

די אמת'ע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פראַגע אין פאַלען זינען פון וואָרט. די פּאָליטישע אונאָבהענגיגקייט וואָלט געקענט געבען אַ פאָלשטענדיגען ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע נאָר אין דעם פאַל, ווען די טעריטאָריע, וועלכע שטרעבט צו זעלבסטשטענדיגקייט, וואָלט געווען דורכאויס בעזעסען פון איין נאַציאָן. אָבער אַזוי ווי דאָס איז ניטאָ, און ביי די היינטיגע בעדינגונגען קען דאָס גאָר ניט געמאָלט זיין, ממילא קומט אויס, אַז ווען עס זאָל אפילו דערגרייכט ווערען „נאַציאָנאַלע" אונאָבהענגיגקייט, וועט די ניי-אויפגעקומענע מלוכה אַלץ בלייבען אַ נאַציאָנאַליטעטען-מלוכה, אין אַ קלענערען מאַס-שטאַב, און די פּאָליטיקער וועלען אַלץ מוזען זוכען מיטלען אַקוראַט ווי פריהער אויף צו רעגולירען די בעציהונגען צווישען די פערשידענע נאַציאָנען וואָס בעוואָהנען די נייע מלוכה. די פּאָליטישע אונאָב-הענגיגקייט ברענגט די נאַציאָנאַלע בעפרייאונג בלויז פאַר יענער נאַציאָן, וועלכע פערנעהמט דעם ערשטען אָרט אין דער בעפרייטער טעריטאָריע. פאַר די איבעריגע נאַציאָנען — ווערט בלויז פערביטען דער אַלטער אונטערדריקער דורך אַ נייעם.

נאָר מערקווירדיג. הגם דער פּאָליטישער סעפּאַראַטיזם איז די אונפאָלקאָמענסטע פאָרמע אויף צו לעזען די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע פראַגע, אַלס אַ נאַציאָנאַלע (דען אויף צו בעפרייען אַ אינטערדריקטע מ ל ו כ ה וועט זי שטענדיג זיין דער פּאַסענדסטער מיטעל) פונ-דעסטוועגען איז זי שטאַרק אויסגענומען אין די רייהען פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וועלכע פערגעסט צוליעב איהר די אַנדער פאָרמע — די לעזונג פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אין דער מלוכה גופא, די פראַגע, ווי זאָל מען אָרגאַניזירען אַ נאַציאָנאַליטעטען-מלוכה. און אַזוי ווי די פראַגע אין איהר ערשטער פאָרמע — די פּאָליטישע אונאָבהענגיגקייט — איז פריהער אַרויסגעטראָטען אין דער געשיכטע, צוליעב געוויסע טראַדיציעס פון דעם בורזשואַזען געדאַנק, וועלכע האָבען זיך פעסט צוגעקלעבט דאָרטען, וואו זיי האָבען אייגענטליך ניט געדאַרפט געפינען קיין פּלאַץ, — אָט צוליעב דעם פערבינדט מען מיט דעם בעגריף „נאַציאָנאַלע בעפרייאונג" קודם כל די פאָרשטעלונג וועגען פּאָליטישער אונאָבהענגיגקייט, און לויט דיזער פאָרשטעלונג בויט מען געוועהנליך אויף אַ קרומען און לאָמען יסוד — די אַנזיכטען אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע בכלל.

אָט די צוויי פראַגען, וועלכע זיינען בעצם גאַנץ פערשידען

איינע פון די אַנדערע, ווערען צונויפגעפּלאָנטערט אינאיינעם, און דערמיט ערקלערען זיך ביז צו אַ בעדייטענדעם גראַד אַ סך פון יענע פעהלערן, וועלכע אונזערע געגנער מאַכען. מיר וועלען אגב בעמערקען, אַז אפילו דאַן, וואו עס איז שווער אָנצונעהמען, אַז מען מישט צונויף מיט אַ כיון אָט די ביידע פראַגען, זענען דאָך ניכר געוויסע געוואָהנהייטען פון דעם געדאַנק, וועלכער עס האָט זיך ערצויגען און געהאָדעוועט אויף פאַלשע טראַדיציעס. צום ביישפּיעל דער מחבר פון דעם אויבענציטירטען אַרטיקעל אין נום׳ 4 „זאַריאַ", וועלענדיג בעווייזען, אַז פאַר די אידען איז ניט נויטיג און אונמעגליך נאַציאָנאַלע אַוטאָנאָמיע, ברענגט אַ ראיה צו זיינע רייד, אגב דערפון, וואָס ביי די אידען פעהלען „טראַדיציעס פון אַ זעלבסט־שטענדיגען מלוכה־רעכט". דאָ שטעקט אַ פשוט׳ער, גראָבער טעות; טראַדיציעס פון אַ זעלבסטשטענדיגען מלוכה־רעכט, אָדער, אַנדערש געזאָגט, געוויסע איבערגעבליבענע אָרגאַנען פון אַ זעלבסטשטענדיגער פּאָליטישער עקסיסטענץ האָבען אַ בעדייטונג בלויז דאַן, ווען עס רעדט זיך וועגען פּאָליטישער אונאָבהענגיגקייט, אָבער זיי שפּילען קיין שום ראָלע ניט בעת די פראַגע בעשטעהט דאָרין, וואָס פאַר אַ סאָרט אָרדנונגען עס זאָלען איינגעפיהרט ווערען אין איין איינציגער, גאַנצער מלוכה בנוגע צו געוויסע פונקציעס — אין אונזער פאַל, בנוגע צו קולטורעלע ענינים — צו דאַרף מען צוליב דיזעם צוועק בעשאַפען ספּעציעלע נאַציאָנאַלע אינסטיטוטען, אָדער זיי (די פונקציעס) וועלען בלייבען אין די הענד פון די מלוכה־אינסטיטוטען. געגען קולטורעלער אַווטאָנאָמיע שטעלט מען אַרויס אַזעלכע אַרגומענטען, וועלכע מ׳וואָלט בשום אופן ניט געבראַכט ווען מ׳האָלט קלאָר און דייטליך אָבגעגרענצט די נאַציאָנאַלע פראַגע, וואָס ווערט געלייזט אין דעם תחום פון דער מלוכה גופא, פון דער פראַגע, וואָס ליגט מחוץ לתחום פון דער מלוכה.

אָט פאַר וואָס מיר שטרייכען אונטער אַז ס׳מוזען שאַרף אָבגעטיילט ווערען די ביידע פראַגען איינע פון די אַנדערע.

דער קאַמפף־פאַר פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט — דאָס איז אַ קאַמפף פאַר איבערצייכענען די פּאָליטישע קאַרטע פון די מלוכות. ער טראָגט וויים צריבער די גרענצען פון דעם אינער־ליכען מלוכה־לעבען. זיין ערפאָלג, אפילו זיין צוועקמעסיגקייט ווערט אָפּט אָבהענגיג געמאַכט פון דער לאַגע אין דעם אינטערנאַציאָ־

נאַלען קאָנצערט, פון דער אָדער יענער פּאָליטישער קאָמבינאַציע, וועלכע איז אָפּט ריין צופעליג און וועלכע מען קען ניט זעהען פון פריהער, דער „לפי המקום און לפי הזמן" (לויט צייט אָרט) שפּיעלט דאָ אַ מורא'דיגע, אַמאָל זאָגאַר אַ ענטשיידענע ראָלע, מאַכען דיזע פאָדערונג פאַר אַ פונקט פון פּראָגראַם — דאָס איז אַ ריזיקע־זאַך.

די פראַגע וועגען פּאָליטישער אונאָבהענגיגקייט מוז על פּי טבע זיין אונבעשטימט, בעדינגט דורך אַ גאַנצע רייהע אורזאַכען, אַקוראַט ווי יעדער אַנדערע פראַגע, וועלכע איז נוגע די בעציהונגען צווישען די פערשיידענע מלוכות, עס וואָלט אָבער געווען אַ גראָבער פעהלער איבערצוטראָגען אָט די אונבעשטימט־קייט און בעדינגטקייט אויף דער פראַגע וועגען רעגולירען די נאַציאָנאַלע בעציהונגען, אַ פראַגע, וועלכע איז נוגע די בעציהונגען אין דער מלוכה גופא. דאָס איז אַזאַ פראַגע, ווי יעדער אַנדער פראַגע פון אינערער פּאָליטיק, וועלכע אינטערעסירט שטאַרק די סאָצ.־דעמאָקראַטיע, און זי דערלאָזט און פאָדערט אפילו פון דער פּראָגראַם אַ בעשטימטען, דייטליכען ענטפער אַקוראַט ווי יעדער אַנדער פראַגע, וועלכע געפינט די אָדער יענע לעזונג אין יעדער פּאַרטיי־פּראָגראַם.

אָבטיילענדיג אויף אַזאַ אופן די אייגענטליכע נאַציאָנאַלע פראַגע אין איהר ריינער געשטאַלט און וועלענדיג פאַרנאַנדער־קלייבען זיך אין איהר, בעגעגנען מיר שוין אויפ'ן ערשטען טריט אַ מיינונג, וועלכע איז ווייט פערשפּרייט צווישען די סאָצ.־דעמאָקראַטען. אַז אייך האָט זיך שוין יע איינגעגעבען אַרויס־פיהרען דעם מענשען, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע, פון דעם געדאַנקענקרייז וועגען סעפּאַראַ־טיזם, נאַציאָנאַלער אונאָבהענגיגקייט, אַ בעזונדערער פּאָליטישער עקזיסטענץ און אַז. וו. און אַריינפיהרען איהם אין דעם תחום פון דעם אינערליכען פּאָליטישען לעבען פון אַ מלוכה, זייט איהר מיט איהם נאָך ניט פאַרטיג: ווי נאָר ער האָט געשטעלט אַ פוס אויפ'ן באָדען פון די „אינערליכע פּאָליטישע ענינים", בעהאַלט ער תיכף זיין גאַנצען פּאָליטישען אַרסענאַל, און אַנשטאָט אַלערליי קאַמפּפס־מיטלען געגען דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, שטעלט ער אַרויס איין איינציגע סגולה, וועלכע פערענטפערט, נאָך זיין

מֵיינוּנג, דִי גַאנצֶע נַאצִיאָנַאלֶע פְרַאגֶע: דִי בִּירגֶערלִיכֶע גלַייכבֶּערֶעכטִיגוּנג. פַאר דִי נַאצִיאָנַאלֶע בֶּעצִיהוּנגֶען אִין דֶעם תחום פוּן אֵיין אֵיינצִיגֶער מלוכה אִיז דִי בִּירגֶערלִיכֶע גלַייכבֶּערֶעכטִיגוּנג — אַלִץ, דָאס אִיז אַ קמיע, וועֶלכֶע אִיז, עֶרשטֶענס, גַאנץ גֶענוּג אוֹיף צוּ לִיקווִידִירֶען דִי נַאצִיאָנַאלֶע אוּנטֶערדרִיקוּנג, אוּן צווייטֶענס, דִי אֵיינצִיגֶע, וועֶלכֶע עֶס קֶען אָנגֶענוּמֶען ווֶערֶען פוּן סאָצ. דֶעמ׳ שטַאנדפּוּנקט אוֹיף צוּ בֶּעזַייטִיגֶען דֶעם נַאצִיאָנַאלֶען קַאמפף.

עֶרשטֶענס, עֶס אִיז גַאנץ גֶענוּג. פַאר וואָס? ווייל דֶער גַאנצֶער אִינהַאלט פוּן דֶער נַאצִיאָנַאלֶער אוּנטֶערדרִיקוּנג — אַזוֹי זָאגט מֶען אוּנז — לִיגט אִין דֶעם, וואָס דִי פָארשטֶעהֶער פוּן דֶער הֶערשֶענדֶער נַאצִיאָן, ווֶעלכֶע הָאבֶּען דִי מַאכט אִין זֵייעֶר הַאנד, בֶּעגרֶענצֶען דִי בִּירגֶערלִיכֶע רֶעכטֶען פוּן דֶער אוּנטֶערוואָרפֶענֶער נַאצִיאָן, דִי רֶעכטֶען פוּן דֶער לֶעצטֶער ווֶערֶען פֶערשמֶעלֶערט, אַיהרֶע מִיטגלִידֶער ווֶערֶען בֶּעטרַאכט ווִי אַ פּשוּטֶערֶער מִין בִּירגֶער, ווֶערֶען אוּנטֶערוואָרפֶען בֶּעגרֶענצוּנגֶען אוּן אַלֶערלֵיי רדיפות. זֵיי זֶענֶען נִיט גלַייכבֶּערֶעכטִיגט. גִיט זֵיי גלַייכֶע רֶעכטֶען, פִּיה־ט דוּרך אַזֶעלכֶע גֶעזֶעצֶען, אִין ווֶעלכֶע עֶס זָאל נִיט זַיין אַ הילוק צווִישֶען אַ „גוֹי" אוּן אַ אִיד, כַאר ווֶעלכֶע אַלֶע זָאלֶען זַיין גלַייכבֶּערֶעכטִיגטֶע סתם־בִּירגֶער, אוּנאָבּהֶענגִיג פוּן גֶעשלֶעכט, שפּרַאך, נַאצִיאָנַאלִיטֶעט אוּן רַאסֶע — אוּן אִיהר ווֶעט מבטל זַיין דִי נַאצִיאָנַאלֶע אוּנטֶערדרִיקוּנג.

צווייטֶענס, דִי אֵיינצִיגֶע, ווֶעלכֶע עֶס קֶען אָנגֶענוּמֶען ווֶערֶען אַלס אַ פּרִינצִיפִּיעֶלֶע פָאדֶערוּנג. אוּן פוּן עֶרשטֶען אוֹיגֶענבּלִיק שַיינט עֶס צוּ זַיין דֵייטלִיך, אוּן פַאר׳ן „שכל הישר" אַזוֹי רִיכטִיג, אַז מֶען קֶען עֶס דוּכט זִיך בשום אופן נִיט אָבּלֵייקֶענֶען, ווֶעלכֶע זֶענֶען דִי אוֹיפגַאבֶּען פוּן דֶער סאָצ. דֶעמ. בנוגע צוּ דֶער נַאצִיאָנַאלֶער פְרַאגֶע? צוּ אִיז זִי אוֹיסֶען צוּ עֶנטווִיקלֶען אַ נַאצִיאָנַאלֶע קוּלטוּר, צוּ בֶּעשַאפֶען אַ אִינהַאלט כַאר׳ן נַאצִיאָנַאלֶען לֶעבֶּען, צוּ שטֶעלט זִי זִיך פָּאזִיטִיווֶע אוֹיפגַאבֶּען? נֵיין, זִי ווִיל בּלוֹיז מבטל זַיין דִי נַאצִיאָנַאלֶע אוּנטֶערדרִיקוּנג, אוּן ממילא אִיז אִיהר אוֹיפגַאבֶּע אַ רֵיין־נֶעגַאטִיווֶע. אִיהר! זַאך אִיז — צוּ בֶּעזַייטִיגֶען דִי מניעות, אַראָבּצוּטרָאגֶען דִי צוֹימֶען, מבטל זַיין אַלֶץ, וואָס עֶס שטֶעלט אַיין אַן׳אוּנגִינסטִיגֶער רֶעכטלִיכֶער לַאגֶע אַיין בִּירגֶער לגבי דֶעם

אַנדערֶען, אִיהר זַאךְ אִיז הַײסט עֶס, צוּ קֶעמְפְּפֶען גֶעגֶען דֶער דֶעכְטלָאזִיגקַײט, מבטל זַײן זִי, בֶּעשַׁאפֶען ווֶעלכֶע נִיט אִיז סְפֶּעצִיעֶלֶע אִינסְטִיטוּטֶען. פֶערנֶעהמֶען זִיךְ אִין דֶער בּוּרזשוּאַזֶער גֶעזֶעלשַׁאפְט מִיט אַ ווֶעלכֶער נִיט אִיז שֶׁעפְּפֶערִישֶׁער אַרבַּײט — דָאס אִיז נִיט אִיהר זַאךְ. דָאס אִיז אַ חטא גֶעגֶען דִי סאָצ. דֶעם. פְּרִינצִיפֶּען.

לָאמִיר פְרִיהֶער בֶּעטְרַאכְטֶען דִי צווייטֶע סברא. אמת, אִין דֶער נַאצִיאָנַאלֶער פְרַאגֶע אִיז דִי אוֹיפגַאבֶּע פוּן דֶער סאָצ. דֶעם. אַ נֶעגַאטִיווֶע. זִי אִיז נֶעגַאטִיו אִין דֶעם זִינן — אוּן ווֶעגֶען דֶעם הָאבֶּען מִיר גֶערֶעדט באריכות אִין דֶעם פָארִיגֶען קַאפִּיטֶעל — ווָאס זִי שְׁטֶעלט זִיךְ נִיט קֵיינֶע אוֹיפגַאבֶּען בנוגע צוּ דֶעם שִׁיקזַאל פוּן דֶער נַאצִיאָנַאלֶער אֵייגֶענטְהִימלִיכקַײט אוּן שְׁטֶעלט זִיךְ דֶעם אֵיינצִיגֶען צִיעל צוּ פַּארַאלִיזִירֶען דִי נַאצִיאָנַאלֶע אוּנטֶערדְרִיקוּנג. דָאס אִיז אוּנבֶּעדִינגט רִיכטִיג. נוּר צָבֶּער ווייטֶער ווָאס? ווֶעלֶענדִיג קֶעמְפְּפֶען גֶעגֶען דֶער נַאצִיאָנַאלֶער אוּנטֶערדְרִיקוּנג, שְׁטֶעלֶען מִיר דִי פְרַאגֶע: ווִי זָאל מֶען דָאס טְהָאן? ווָאס פַאר אַ אוּמֶענדֶערוּנגֶען דַארף מֶען צוּלִיבּ דֶעם פָארנֶעהמֶען אִין דֶעם מלוכה־לֶעבֶּען? ווָאס דַארפֶען מִיר פֶערלַאנגֶען? אוּן מִיר ֶענטפֶערן: צוּלִיבּ דֶעם צווֶעק דַארפֶען מִיר קֶעמְפְּפֶען פַאר אַזוֹינֶע אוּן אַזוֹינֶע פָאדֶערוּנגֶען, פָארנֶעהמֶען אַזוֹינֶע אוּן אַזוֹינֶע אוּמֶענדֶערוּנגֶען אִין דֶער גֶעזֶעצגֶעבּוּנג, מַאכֶען אַזוֹינֶע אוּן אַזוֹינֶע אָפֶּערַאצִיעֶס אִין דֶער אָרדנוּנג פוּן דֶעם מלוכה־לֶעבֶּען, דֶערשׁלָאגֶען זִיךְ אַזוֹינֶע אוּן אַזוֹינֶע קָאנסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע פּוּנקטֶען. אָט דָא גֶעהט שׁוֹין אַ גַאנץ בֶּעשְׁטִימְטֶע, אַגַאנץ פ א ז י ט י וו ע פָּאלִיטִישֶׁע אַרבַּײט, אָט דָא עֶקזִיסְטִירט פַאר אוּנז נָאר אֵיין פְרַאגֶע — ווִי אַזוֹי צווֶעקמֶעסִיגֶער אִיבֶּערצוּבּויֶען דִי מלוכה־פֶערהֶעלטנִיסֶען. דָא קֶעמְפְּפֶען מִיר פַאר גֶעזֶעצֶען אוּן גֶעגֶען גֶעזֶעצֶען, מִיר קֶעמְפְּפֶען פַאר בֶּעזַײטִיגֶען גֶעווִיסֶע אַײנרִיכטוּנגֶען, פַאר אִיבֶּערמַאכֶען אַנדֶערֶע פַאר דֶער בֶּעשַׁאפוּנג פוּן נַײֶע. אוּן עֶס קֶען קֵיין שׁוּם ספק נִיט זַײן, אַז אָט דִי אַלֶע מינים פוּן פָּאלִיטִישֶׁער אַרבַּײט, ווֶעלכֶע אוּנטֶערשַׁײדֶען זִיךְ אֵיינֶע פוּן דִי אַנדֶערֶע בְּלוֹיז דוּרךְ זַײעֶרֶע יוּרִידִישֶׁע סמנים, זֶענֶען פְּרִינצִיפֶּעל בנוגע צוּם תוכן פוּן דֶער פְרַאגֶע אַלֶע גְלַײכווֶערטִיג. ֶערפִילֶענדִיג אַ רֵיין־נֶעגַאטִיווֶע — בנוגע צוּ דֶעם נַאצִיאָנַאלֶען אִינהַאלט — אוֹיפגַאבֶּע פוּן קַאמְפְּף גֶעגֶען דֶער אוּנטֶערדְרִיקוּנג, קֶענֶען מִיר דֶערבַּײ

אָנווענדען די פערשיעדענסטע פּאָליטישע מיטלען, און ביים אויס=
קלייבען פון די מיטלען דארפען מיר זיך רעכענען מיט איין זאך —
צו דאָס ליינט פאר אונז, צו דאָס איז צוועקמעסיג. יעדעס
מיטעל, וועלכער וועזט אויס צו זיין דער בעסטער אויף צו
בעזייטיגען די אונטערדריקונג, ווערט אריינגעטראָגען אין אונזער
ארסענאל. אָט אזא מיטעל קען זיין די אָבשאפונג פון דער
„טשערטא" און די איינפיהרונג פון א נייעם געזעץ, וועלכער
פראָקלאמירט די גלייכבערעכטיגונג פון אלע בירגער, פאר אזא
מיטעל קען דיענען די פערניכטונג פון די אלטע אינסטיטוטען,
צ. ב. פון די קאזיאָנע ראבינער, אָדער די אידישע מעשטשאנסקע
אופראווע, עס קען אויך זיין די בעשאפונג פון נייע אינסטי=
טוטען, צ. ב. אידישע אווטאָנאָמע סעימען, וועלכע פערוואלטען
איבער די ענינים פון פאָלקס=בילדונג. די אונטערדריקונג ווערט
בעזייטיגט ניט נור דורך אָבשאפונג פון אונגערעכטיגע מלוכה=
פאָרמען, נאָר אויך דורך בעשאפונג אויף זייער אָרט בע=
שטימטע גאראנטיעס אין דער פאָרמע פון געזעצען און ספּעציעלע
איינריכטונגען. דאָס וועלען זיין פערשיעדענע פּאָזיטיווע פאָרמען,
דורך וועלכע עס וועט ערפילט ווערען די איינענע נעגאטיווע
אויפגאבע — פון דעם קאמפף געגען דער אונטערדריקונג.

אָט פאר וואָס די סאָצ.=דעמאָקראטיע, ניט עובר'אינענדיג
אויפ'ן פּרינציפּיעלען שטאנדפּונקט פון דער נאציאָנאלער פראגע,
קען מיט א ריינעם געוויסען אריבערשפּרייזען דעם החם פון דער
פאָדערונג בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג און קען אריינטרעטען אין
דעם תחום פון ספּעציעלע תקנות, פון בעזונדערע איינריכטונגען.

אָבער ס'בלייבט נאָך די ערשטע פראגע: צו דארף מען
דאָס גלאט? צו איז דאָס ניט אנ'איבעריגער לוקסוס, א לוקסוס,
צו וועלכען עס שטרעבט דער קרענקליך=אָנגעגריפּענער געפיהל פון
דעם נאציאָנאליסטישען אונצוטרוי צו די דעמאָקראטישע פאָרמען?

אָט דאָ איז דער הויפּטפּונקט פון דער פראגע. דאָ מוז מען
זיך א ביסעל לענגער אויפהאלטען.

ווען איינער שטעהט אויפ'ן שטאנדפּונקט פון די ריינע
קאָנזעקווענטע פּרינציפּען פון דעם ליבעראליזם, איז קיין חידוש
ניט, ווען ער בוקט זיך און גלויבט באמונה שלמה אין דער אל=
מעכטיגער קראפט פון דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג און

דעֶר אַלגעֶמיִין דעֶמאָקראַטיִשעֶר קאָנסטיִטוציִעֶ. דעֶר עֶכטעֶר און קאָנזעֶקוועֶנטעֶר ליִבעֶראַל, אַרויסגעהעֶנדיִג פון גאַנץ בעֶשטיִמטעֶ איִנטעֶרעֶסעֶן פון דעֶם יונגעֶן, שטאַרקעֶן האָפנינגספאָלעֶן קאַפּיִטאַ־ליִזם, גלויבט, אַז איִן דעֶר מעֶנשליִכעֶר געֶזעֶלשאַפט געֶהט אַלץ איפ׳ן בעֶסטעֶן אופן, גלויבט, אַז דאָרטעֶן העֶרשט אַ פאָלשטעֶנדיִגעֶ האַרמאָניעֶ; דיִזעֶ האַרמאָניעֶ דאַרף פעֶרוויִרקליִכט ווערעֶן איִן לעֶבעֶן דורך דיִ פריַיעֶ, דיִ ניִטגעֶצוואונגעֶנעֶ צוזאַמעֶנשטויסונג פון דיִ איינצעֶלנעֶ יחידים, פון דיִ איינצעֶלנעֶ צעֶלעֶן, פון וועֶלכעֶ עֶס ווערט בעֶשאַפעֶן דעֶר געֶזעֶלשאַפטליִכעֶר אָרגאַניִזם. דורך דעֶר פרייעֶר קאָנקורעֶנץ פון דיִ מעֶנשליִכעֶ איִנטעֶרעֶסעֶן, פון דעֶם פריַיעֶם קאַמפף פון דיִ געֶזעֶלשאַפטליִכעֶ אַטאָמעֶן, וועֶלכעֶ קאָנקו־ריִרעֶן איינעֶ מיִט דיִ אַנדעֶרעֶ, און איִן דעֶם פראָצעֶס פון אָט דעֶר קאָנקורעֶנץ ווערט בעֶשאַפעֶן על פי טבע אַ איינהייטליִכעֶר, פעֶסט, גוט און שעֶהן געֶבויטעֶר אָרגאַניִזם, שפּראָצט־אַרויס דעֶר וואָהל־שטאַנד פון דעֶם כלל. אָט דיִ איינצעֶלנעֶ אַטאָמעֶן דאַרף געֶגעֶבעֶן ווערעֶן פאָלשטעֶנדיִגעֶ פריַיהייט איִן זייעֶר טהעֶטיִגקייט — און נאָר איִן זייעֶר טהעֶטיִגקייט — ליִגט דיִ אַרבייט פון דעֶם פאָרטשריִט. דיִ אויפגאַבעֶ פון דעֶר מלוכה איִז — שפּיִלעֶן דיִ ראָלעֶ פון אַ שומר, וואָס איִז אַוועֶקגעֶשטעֶלט געֶוואָרעֶן אַכטונג צו געֶבעֶן, אַז דעֶר קאַמפף פון דיִ פּריִוואַטעֶ איִנטעֶרעֶסעֶן זאָל זיִך אָבשפּיִלעֶן איִן דיִ נעֶזעֶצליִכעֶ ראַהמעֶן, אַ שומר, וועֶלכעֶר איִז מחויב צו בעֶשטראָפעֶן יעֶדעֶן יחיד, וואָס רייסט זיִך אַריַין איִן דעֶם קריַיז פון רעֶכטעֶן און „פריַיהייטעֶן", וועֶלכעֶר ס׳איִז אָבגעֶצייכעֶנט פאַר אַנ׳אַנדעֶר יחיד, און צו פעֶרוואָרעֶנעֶן אויף אַזאַ אופן פאַר יעֶדעֶר מיִטגליִעד פון דעֶר געֶזעֶלשאַפט יעֶנעֶם סכום „אונבעֶריִהרבאַרעֶ רעֶכטעֶן פון מעֶנשעֶן און בירגעֶר", וועֶלכעֶ בילדעֶט דעֶם גאַנצעֶן אלף־בית פון דעֶם מעֶנש־ליִכעֶן פראָגרעֶס. פון דאַנעֶן נעֶהמט זיִך דיִ פעֶסטעֶ אמונה איִן דעֶר אַלוועֶלטליִכעֶר בעֶדייטונג פון דעֶר בירגעֶרליִכעֶר גליַיכבעֶרעֶכטיִ־גונג (און נאַטירליִך, אויך פון דעֶר פּאָליִטיִשעֶר גליַיכבעֶרעֶכטיִגונג). וועֶלכעֶ פעֶרוואָרעֶנט יעֶדעֶן בירגעֶר דעֶם גרעֶסטעֶן סכום פון ד. איִנדיִוויִדועֶלעֶ רעֶכטעֶן, פון דעֶר גליַיכבעֶרעֶכטיִגונג, וועֶלכעֶ גיִט דיִ מעֶגליִכקייט צו עֶנטוויִקלעֶן אויפן העֶכסטעֶן גראַד זיינעֶ קרעֶפטעֶן איִן פּריִוואַטעֶן און געֶזעֶלשאַפטליִכעֶן לעֶבעֶן איִן צייַנצוהאַלטעֶן אַגב איִן זיינעֶ העֶנד אַ געֶוויִסעֶן טייל אַט טאַקי פון יעֶנעֶר מלוכה־מאַכט,

וועֶלכֶע בּעֶשִׁיצט און פעֶרהִיט זײַן אונאָבּהעֶנגִיגעֶ פעֶרזעֶנלִיכקײַט פון אַלעֶ מניעות, וואָס קעֶנעֶן שטעֶרעֶן זײַן זעֶלבּסט־העֶטִיגקײַט און פוגע זײַן זײַן פרײַהײַט.

די אֵיינצעֶלנעֶ פּעֶרזאָן און אִיהרעֶ אִינדִיווִידועֶלעֶ רעֶכטעֶן — דאָס אִיז דעֶר מִיטעֶלפּונקט פון דעֶר גאַנצעֶר פּאָלִיטִישעֶר כִּיסטעֶם פון דעֶם לִיבּעֶראַלִיזם.

אַסך האָט זִיך אִיבּעֶרגעֶבּליבּעֶן פון יעֶנער צײַט־אָן, ווען ס'האָט נאָך געֶבּלִיהט דעֶר לִיבּעֶראַלִיזם. אויף אויבּיג אִיז פעֶרשוואונדעֶן די גאָלדעֶנעֶ וואָך פון דעֶר לִיבּעֶראַלעֶר בּורזשואַזִיעֶ; ס'האָבּעֶן זִיך אויסגעֶנומעֶן אִיהרעֶ שעֶפּעֶרִישעֶ פּאָלִיטִישעֶ קרעֶפטעֶן, און דעֶרמִיט אִין אֵיינעֶם האָט פעֶרלאָרעֶן יעֶדעֶן קרעֶדִיט אִיהר גלעֶנצעֶנדסטעֶר פּראָדוקט—דעֶר מאַנטשעֶסטעֶרשעֶר לִיבּעֶראַלִיזם. אונטעֶר די שטורמדִיגעֶ כוואַלעֶס פון דעֶם פּראָלעֶטאַרִישעֶן קאַמפּף און אונטעֶר די נײַעֶ בּעֶדעֶרפנִיסעֶן פון דעֶר בּורזשאַזִיעֶ גופא — אונטעֶר דִיזעֶן דאָפּעֶלטעֶן דרוק אִיז פעֶרוועֶלקט 'אִין בּלאַס געֶוואָרעֶן דִי טעֶאָריעֶ פון דעֶר מלוכה־נײַטראַלִיטעֶט. אָט די אֵייגעֶנעֶ בּורזשואַזִיעֶ, וועֶלכעֶ האָט בּײַ אִיהר אַרויסטרעֶטעֶן אויף דעֶר פּאָלִיטִישעֶר סצעֶנעֶ געֶקוקט אויף דעֶר מלוכה מִיט אַזאַ חשד — א חשד, וועֶלכעֶר דעֶר פעֶאָדאַלִיזם האָט אִין אִיהר עֶרצויגעֶן — אָט דִי אֵייגעֶנעֶ בּורזשואַזִיעֶ, וועֶלכעֶ האָט אִין אִיהר יוגעֶנדצײַט געֶשריעֶן מִיט גדלות צו דעֶר מלוכה: טרעֶט אָבּ, מאַך אַ ווארעֶ! אִיז אִיצט אַלט געֶוואָרעֶן, האָט זִיך צוגעֶוועֶהנט צו וואַרימעֶן דִי אַלטעֶ בּײנעֶר בּיים פײַעֶרִיל פון דעֶר מלוכה־מאַכט; זִי האָט אַליין מעֶהר אָנגעֶהויבּעֶן צו דעֶרעֶסעֶן מִיט אִיהרעֶ שטעֶנדִיגעֶ בּקשות דעֶר מלוכה, זִי זאָל זִיך אַרײַנמִישעֶן העֶלפעֶן, בּעֶשִיצעֶן. און הִינטעֶר אִיהר, רִיכטִיגעֶר געֶזאָגט געֶגעֶן אִיהר האָט אָנגעֶהויבּעֶן אַרויסצוטרעֶטעֶן דעֶר אַרבּײַטעֶרקלאַס, אַפּעֶלִירעֶנדִיג צו דעֶר אֵייגעֶנעֶר מלוכה־מאַכט און פאָדעֶרעֶנדִיג פון אִיהר אַרײַנצומִישעֶן זִיך אִין דעֶד פרײַעֶר אִינטעֶרעֶסעֶן־קאָנקורעֶנץ.

די טעֶנדעֶנץ, וועֶלכעֶ האָט געֶוואָלט זעֶהעֶן אִין דעֶר מלוכה בּלויז אַ „שומר", האָט געֶמוזט אַראָבּ פון דעֶר סצעֶנעֶ. אויפ'ן עֶרשטעֶן פּלאַן טרעֶט אַרויס אַ נײַעֶ אויפגאַבּעֶ פון דעֶר מלוכה — דִי ראָלעֶ פון אַ אִינִיציאַטִיוועֶר פּאָלִיטִישעֶר אָרגאַנִיזאַציעֶ, פון אַ אונגעֶהײַערעֶן קאָלעֶקטִיוועֶן קולטור טרעֶגעֶר פאַר'ן גאַנצעֶן לאַנד, — וואָס פאַר אַ סאָרט קולטור דאָס אִיז — אַנ'אַנדעֶר פראַגעֶ. ס'ווערט אויף אִיהר

ארויפגעלעגט די פפליכט ניט נאָר צו בעשיצען די אונבעריהרבאַר-
קייט פון די אינדיווידועלע רעכטען פון יעדער בירגער, נאָר אַלס
דער העכסטער פערטרעטער פון די כלל-אינטערעסען, איז זי
מחויב צו דינען דיזעם כלל — ווען אפילו צוליב דעם זאָל
אויסקומען אַריינצוגרייפען זיך אין דעם הייליגען תחום פון די
אינדיווידועלע „אונבעריהרבאַרע" רעכטען פון דעם יחיד, מיט וועל-
כע ס'איז אַרומגעצוימט יעדער צעלע פון דער מענשליכער געזעל-
שאַפט. זי רייסט אַרויס פון די שוואַכע הענד פון דעם יחיד און
פערנעהמט צו זיך אין די ריזען-הענד אַ גאַנצע רייהע פונקציעס,
וועלכע זענען אַריבער די כחות פון דעם איזאָלירטען בירגער און
וועלכע קענען אויסגעפיהרט ווערען נאָר דורך יענעם קאָמפּליצירטען
און מעכטיגען אַפּאַראַט, וועלכער ס'געפינט זיך אין די הענד פון
דער רעגירונג. אָט דאָס איז די גאַנצע זאָ גענאַנטע סאָציאַלע פּאָ-
ליטיק; די בעשיצונג פון דער אַרבייט, די פערזיכערונג פון די
אַרבייטער, צדקה-אַנשטאַלטען און אַז. וו.; אָט דאָס איז די פאָלקס-
בילדונג אין ענגעם זינען פון וואָרט און די מיטלען אויף אויפצו-
הייבען די קולטורעלע אַרבייט.

אמת, אָט די גאַנצע „איניציאַטיווע אַרבייט" פון אַ מאָדערנער
מלוכה ווערט געפיהרט אונטער דעם קאָנטראָל פון דער בורזשואַזיע,
אונטער דעם דרוק פון די בורזשואַזיע און ווי ס'פּאַסט פאַר איהרע
אינטערעסען — אויב מ'זאָל ניט רעכענען יענע הנחות, וועלכע
דער פראָלעטאַריאַט רייסט אַרויס ביי איהר מיט גוואַלד. נאָר פאַר
דעם ענין, וועגען וועלכען מיר ריידען דאָ, איז דאָס ניט וויכטיג.
דאָ איז נאָר וויכטיג פעסטצושטעלען, אַז דאָס בילד פון אַ מאָדער-
נער מלוכה איז ניט אַזוי איינפאַך, ווי מ'וואָלט עס זיך קענען פאָר-
שטעלען אויפ'ן יסוד פון דער ליבעראַלער לעהרע. דיזעס בילד זעהט
אויס אַזוי.

מיר האָבען אַ געוויסע סומע בירגער, איינצעלנע יחידים, וועלכע
בילדען אַלע אין איינעם די מענשליכע געזעלשאַפט-מלוכה. יעדער
בירגער בעוועגט זיך פריי אין דעם קרייז פון זיינע אינדיווידועלע ביר-
גערליכע אינטערעסען. יעדער בירגער האַלט אין זיינע הענד אַ טייל פון
דער מלוכה-מאַכט, וועלכע פערוואָרענט זיין אונבעריהרבאַרקייט. אָט
דאָס זענען בירגערליכע און פּאָליטישע רעכטען אין ליבעראַלען זין
פון דיזעם וואָרט. נאָר איבער זיי, איבער דער ספערע פון דער

פרייער פערזענליכער טהעטיגקייט און פון דער פריוואַטער איניציאַטיווע, שטעהט אַנ׳אויבערשטער גאָרן. דאָס איז די מלוכה, וועלכע איז זיך מתעסק מיט די „געזעלשאַפטליכע פונקציעס". נעבען די אינדיווידועלע רעכטען פון פערזענליכער פרייהייט און אונבערירהרבאַרקייט, נעבען דעם אינדיווידועלען רעכט אַנ׳אַנטהייל צו נעהמען אין דער געזעצגעבענדער אַרבייט, טרעט דאָ אויך אַרויס אַנ׳אַנדער מין פון רעכטען: דאָס רעכט צו בענוצען זיך מיט אַ געוויסען טהייל אין דעם פראָדוקט פון יענער „אַלגעמיין־נוצליכער" טהעטיגקייט, מיט וועלכער ס׳בעשעפטיגט זיך די מלוכה. אויסער דעם וואָס ס׳ווערט פערוואָרענט די פרייהייט פון פערזענליכער טהעטיגקייט, מוז נאָך פערוואָרענט ווערען די מעגליכקייט צו געניסען פון די פירות, וועלכע דער מלוכה־מעכאַניזם ברייננט. אַלס אַ ביישפּיעל פון דעם ערשטען מין רעכטען קען דינען — די פ ר י י ה י י ט פון בילדונג: דאָס רעכט פון יעדער בירגער צו לערנען זיינע אייגענע און פרעמדע קינדער; אַלס אַ ביישפּיעל פון דעם צווייטען מין רעכטען — די מ ע ג ל י כ ק י י ט צו בעקומען בילדונג: די מעגליכקייט צו בעקומען בילדונג אין די לעהראַנשטאַלטען, וועלכע ווערען געגרינדעט פון דער מלוכה. דאָס ערשטע אַרט רעכט פערוואָרענט דאָס ניט אַ ר יי נ מ י ש ע ן זיך אין דעם פריוואַטען לעבען פון דעם בירגער, דער צווייטער אַרט רעכט גיט אַרויס ווי אַ מין וועקסעל אויף אַ געוויסען חלק אין די פראָדוקטען, וועלכע ס׳ווערען בעשאַפען דורך דער טהעטיגקייק פון דער מלוכה. אין דעם ערשטען פאַל איז געננוג, אַז די מלוכה מ י ש ט ז י ך נ י ט אַ ר ט ן; אין צווייטען פאַל — מוז זי עפּעס ג ע ב ע ן.

אָט די אויספיהרליכע אונטערשיידונג צווישען די ביידע אַרטען פון רעכטען איז נויטיג פאַר אונז, כדי מיר זאָלען קענען ריכטיג פערשטעהען דעם פאָלגענדען, זעהר וויכטיגען אומשטאַנד: די פאָדערונגען, מיט וועלכע מיר ווענדען זיך צו דער מלוכה אויף צו דערגרייכען דעם ערשטען מין רעכטען, און די פאָדערונגען, וועלכע דאַרפען פערוואָרענען דעם צווייטען מין פון רעכטען, זענען בעצם, לויט זייער יורידישען כאַראַקטער, גאַנץ פערשיעדען איינע פון די אַנדערע. ווען ס׳רעדט זיך וועגען דעם ערשטען אַרט, וועגען דער ערהאַבערונג פון געוויסע אינדיווידועלע פרייהייטען, פאָדערען מיר פון דער מלוכה, אַז זי זאָל זיך נ י ט מ י ש ע ן. דאָס הייסט, אַז מיר

פאָדערען די אָבשאַפונג פון יענע געזעצען (און אַדמיניסטראַטיווע פעראָרדנונגען), וועלכע פערוועהרען צו טהאָן די אָדער יענע זאַך וואָס ס'ווערט בעטראַכט פאַר אַ פערברעכען, מיר מעקען אויס פון געזעץ־בוך געוויסע פערבאָטען, פערביימען זיי דורך געוויסע דינים, וועלכע ברייינגען פון איין זייט אַ גאַנצע רייהע פריוהייטען און בע־שטראָפען פון דער אַנדער זייט פאַר ניט דערלאָזען צו בענוטצען זיך מיט זיי, און דערמיט איז פאַרטיג. דאָס איז אַ פשוטער וועג אויף אָבצושאַפען די דריקענדע תקנות.

גאַנץ אַנדערס שטעהט די פראַגע, ווען ס'רעדט זיך וועגען פערוואָרענען די רעכטען פון דעם צווייטען מין. דאָ איז נאָך ווייניג צו פראָקלאַמירען דאָס רעכט פון יעדען בירגער צו בענוצען זיך מיט די אָדער יענע פאָליטישע פריהייטען; דיזעס רעכט וועט בלייבען אַ הוילע פראַזע כל זמן ס'וועט ניט בעזאָרגט ווערען די פערווירקליכונג פון דיזע פריהייטען. וואָס פאַר אַ בעדייטונג וואָלט למשל געהאַט, ווען ס'זאָל אַפילו טויזענד מאָל אויסגעטייטשט זיין אין דער קאָנסטיטוציע דאָס רעכט אויף אַרבייטס־שוטץ, ווען ס'זאָל ניט איינגעפיהרט זיין די פאַבריק־אינספעקציע. ס'איז קלאָר, אַז דער עיקר איז דאָ — ניט דאָס אַנערקענען פון דעם רעכט, נאָר די בעשאַפונג פון דער מעגליכקייט אויסצופיהרען עס ניט אין דער אָבשאַפונג פון געוויסע תקנות, נאָר אין דער צוועק־מעסיגער אָרגאַניזאַציע פון געוויסע פונקציעס, ניט און מבטל זיין פערבאָטען, נאָר אין דער בעשאַפונג אָדער איבערבויען פון געוויסע איינריכטונגען, וועלכע דאַרפען זיך פערנעהמען מיט דעם דאָזיגען צווייג פון דער „אַלגעמיין־נוצליכער אַרבייט" און אָן וועלכע ס'ווענדט זיך די אמתע פערווירקליכונג פון דעם פאַפירענעם רעכט.

די אינדיווידועלע רעכטען נויטיגען זיך נאָר אין איין זאַך — מ'זאָל זיי ניט אָנטרעטען. די ראָלע פון דער מלוכה איז אין דעם פאַל אַ פאַסיווע.

די קאָלעקטיווע פונקציעס פון דער מלוכה נויטיגען זיך אין אַן אַנדער זאַך — זיי דאַרפען דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען. די ראָלע פון דער מלוכה איז דאָ אַן אַקטיווע; און דאָרטען וואו איהר ראָלע איז אַזוי, ווענדט זיך די פערווירקליכונג פון די רעכטען אָן דעם ווי אַזוי די זאַך וועט איינגעאָרדנעט ווערען דורך וועלכע איינריכ־טונגען ס וועלען אויסגעפיהרט ווערען דיזע פונקציע, אויף וואָס פאַר

א יכודות זיי וועלען זיין געגרינדעט, מיט איין ווארט, וואס פאר א מעכאניזם ס'וועט זיין, וועלכער בעשאפט און צוטיילט די פונקציעס. דא איז נאך וועניג די פראקלאמירונג פון גלייכבערעכטיגונג. אט דא ליגט דער שווערפונקט אין די קאלעקטיווע ארגאנען, וועלכע און נאר וועלכע ס'קענען פערווירקליכען אין לעבען דאס רעכט. אט אויף דיזע קאלעקטיווע ארגאנען ווערט איבערגעטראגען די פראגע פון דעם אייצעלנעם יחיד מיט זיינע בעזונדערע אינדיווידועלע רעכטען.

אט צו דער קאטעגאריע געהערט יענער קרייז ערשיינונגען פון דעם „נאציאנאלען" לעבען, יענער קרייז פראגען, — פראגען, וועלכע ערוועקען דעם נאציאנאלען קאמפף און די נאציאנאלע אונטערדריקונג — וועלכע וועלען ניט פערענטפערט ווערען דורך דער דעמאקראטישער קאנסטיטוציע.

דער קרייז פון אינדיווידועלע רעכטען בעזייטיגט נאך ניט די נאציאנאלע אונטערדריקונג; נאך דער אבשאפונג פון די עלעמענטארע אונטערדריקונגס-פארמען, וועלכע ווערען בעזייטיגט דורך דיזע רעכטען, וועט נאך בלייבען א ברייטער שטח, וועלכער נעהמט אריין אין זיך די רעכטען פון דער אובענדערמאהנטער צווייטער קאטעגאריע. כדי דאס צו בעווייזען, וועלען מיר נעהמען א קאנקרעטען ביישפיעל — די פ א ל ק ס - ש ו ה ל ע ן. מיר נעהמען די פראגע וועגען די פאלקס-שהלען ניט נאר דערפאר, וואס דאס גיט אונז א שארפען ביישפיעל, נאר אויך צוליעב דעם, ווייל אונזערע געגנער שטרייטען געגען דעם עצם פון אט דער פראגע.

מיר אלע וועלען מודה זיין, אז די פאלקס-שוהלען קענען ניט צוגערעכענט ווערען צו די „פריוואט-זאכען", ווי צ. ב. די רעליגיע, דאס פאמיליענלעבען און אז. וו., וועלכע געפינען זיך און דארפען זיך געפינען אין די הענד פון די איינצעלנע יחידים, וועלכע ווענדען זיך אן זייער פרייען ווילען און אן זייער איניציאטיווע. אין דער פראגראם פון רוס. ס. ד. א. פ. איז ארויסגעשטעלט געווארען — און אזוי דארף טאקי זיין — די פאדערונג פון „אומזיסטער" און אבליגאטארישער אלגעמיינער און פראפעסיאנעלער בילדונג פאר אלע קינדער פון ביידע געשלעכטער ביז 16 יאהר. ס'איז קלאר, אז ווי באלד די בילדונג דארף זיין אומזיסט און אבליגאטאריש, קען מען זיך דערמיט ניט פערלאזען אויף דעם פרייען גוטען ווילען פון דעם יחיד אדער אפילו פון גאנצע הכרות, וועלכע זאלען זיך נעהמען

פאַר די אָרגאַניזירונג פון בילדונגס-שוהלען; זי מוז זיך געפינען אין די הענד פון אַ בעשטימטער מאַכט, וועלכע זאָל עס קענען דורכפיהרען מיט געוואַלד.

און אויב יע אַזוי, דאַרף מען זיך רעכענען מיט די רעזול-טאַטען, וועלכע מוזען אונפערמיידליך דערפון אַרויסקומען. מיר האָבען אַנ׳עסק מיט רוסלאַנד, מיט אַ מלוכה פון פערשיעדענע נאַצ-יאָנען, וועלכע בילדען איין איינציגען מלוכה-אָרגאַניזם. די מלוכה מוז אָט די אַלע נאַציאָנען פעראָרגען מיט לעהרשולען. זי דאַרף זיי פערוואָרענען אַזוי, אַז די מעהרהייט זאָל ניט האָבען מעהר פריווי-לעגיעס ווי די מינדערהייט, אַז איין נאַציאָן זאָל ניט אונטערדריקען די אַנדערע, אַז ס׳זאָל ניט געפיהרט ווערען אַ פּאָליטיק פון צווינ-גענדער אָדער קינסטליך אַרויסגערופענער אַסימילאַציע, דאָס הייסט מיט אַנדערע ווערטער, אַז די פּאָלקס-בילדונג דאַרף אַזוי געשטעלט ווערען אַזוי, אַז זי זאָל זיין פערשיעדענאַרטיג פאַר די פערשיעדענע נאַציאָנען, אַז זי זאָל פערלירען איהר רוסישען כאַראַקטער. זי דאַרף אָננעהמען פערשיעדענע פאָרמען, לויט די פערשיעדענהייטען פון די נאַציאָנען, מיט וועלכע זי מוז זיך רעכענען. זי מוז זיך צופּאַסען צו די פערשיעדענע נאַציאָנען. וועלכע האָבען ניט פערלאָרען, ניט קוקענדיג אויף זייער פּאָליטישער שכנים מיט אַנדערע פעלקער, זייער שפּראַך, ליטעראַטור, קונסט, אייגענטהימליכע לעבענספאָרמען, מנהגים, די אייגענטהימליכע פּסיכאָלאָגיע — די גאַנצע קול-טורעלע פּהיזיאָנאָמיע, און וועלכע ס׳דריקען אויס די פערשיעדענסטע פאָדערונגען, פערשיעדענע בעדערפניסען, וועלכע מוזען אונבעדינגט בעפרידיגט ווערען.

און מיר שטעלען זיך אַזאַ פראַגע: צי קען אַנ׳איינהייטליכע, ניט צוטיילטע מלוכה-אָרגאַניזאַציע, אַפילו אין אַ פּאָלקאָם פרייעם רוס-לאַנד אויספיהרען אָט די אַלע פונקציעס. צי קען זי אין דער זעלביגער צייט צופּאַסען די לעהרשולען צו די בעדערפניסען פון דעם רוסישען קולטורעלען לעבען, אי צו דעם קולטורעלען צושטאַנד פון די פּ אָ ל י אַ-ק ע ן, וועלכע לעבען איבער אַנ׳אַנדער ענטוויקלונגס-מדרגה, וועלכע געהען מיט אַנ׳אַנדער טעמפּ פאָרווערטס, צי קען זי אין דער איי-גענער צייט ווי געהעריג פערוואָרענען די אינטערעסען פון דער ליטווישער בעפעלקערונג, וועלכע נויטיגט זיך ווידער אין אַנ׳ אַנדער אַרט בילדונג, צי קען זי אין דער אייגענער צייט אָרגאַני-

זירען די לעהר-אַנשטאַלטען, וועלכע זאָלען טויגען פאַר די ל ע ט ע ן, א י ד ע ן, ג ר ו ז י נ ע ר, אַ ר מ ע נ ע ר און נאָך אַנדערע. און ווען דאָס איז אונמעגליך אַפילו בײַ אַזאַ רעגירונג, וועלכע זאָל ניט האָבען די מינדעסטע פניה, איז אַ פּשיטא ש י ן אַז דאָס קען ניט געמאָהלט זיין אין אַזאַ מלוכה, ווי רוסלאַנד, וואו די רוסישע בעפעלקערונג וועגט אויף אַסך אַריבער די בעפעלקערונג פון אַנדערע נאַציאָנען. ס'וואָלט געווען אונריכטיג און נאַאיוו פאָרצושטעלען זיך די סאָציאַלע פערהעלטניסען אין דעם צוקינפטיגען רוסלאַנד אַזוי, אַז ס'וועט זיך אָבשפּיעלען אַ ריינער, אָהן זייטיגע פּסלת, קלאַסען-קאַמפּף צווישען דער אַרמעע פּראָלעטאַריער פון פערשידענע נאַציאָנען אין רוסלאַנד פון איין זייט, און צווישען דער „אינטערנאַציאָנאַלער" אַרמעע פון דער גאַנצער רוסלענדער בורזשואַזיע פון דער צווייטער זייט. ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט אין זיך די טענדענץ און איז גענויטיגט לויט דעם תוכן פון זיין קלאַסען-כאַראַקטער צו אַזאַ אַרט באַהעפטונג אין פעראייניגונג, איז די בורזשואַזיע טאַקי אויך צוליב איהר אייגענטהימליכען קלאַסען-כאַראַקטער — פעהיג נאָר אין אויסנאַהמספאַלען, אונטער דעם דרוק פון אַ שווערער און שאַרפער נויט, צו פעראייניגען זיך אין אַן „אַלגעמיין-נאַציאָנאַלען" בלאָק. בײַ געוועהנליכע בעדינגונגען איז זי צושפּאָלטען אויף נאַציאָנאַלע פראַקציעס וועלכע רייסען זיך איינע מיט די אַנדערע, קריגען זיך צוליעב דער קאָנקורענץ איינע מיט די אַנדערע; די בורזשואַזיע איז שטענדיג צוריסען, ס'קומט פאָר אַ שטענדיגער קאַמפּף צווישען די בורזשואַזע נאַציאָנאַלע גרופּען. און יענע נאַציאָנאַלע גרופּע פון דער בורזשואַזיע, וועלכע געפינט זיך אין אַ גינסטיגערער לאַגע — אָדער מחמת דעם, וואָס זי וועגט אַריבער די איבעריגע אין צאָהל, אָדער צוליעב אַנדערע אורזאַכען — לעגט שטענדיג אַרויף איהר שווערע האַנד אויף דעם גאַנצען מלוכה-אָרגאַניזם. אַקוראַט ווי איצט וועט אויך אין דעם „פרייעם" רוסלאַנד די ר ו ס י ש ע בורזשואַזיע האָבען די גרעסטע דעה. זי וועט מעשה בעל-הבית אַרויפלייגען איהר שטעמפעל אויף דער גאַנצער טהעטיגקייט פון דער מלוכה, די מלוכה-פיהרער און די אַלע אַדמיניסטראַטאָרען וועלען זיך רעקרוטירען הויפּטזעכליך פון דער רוסישער בורזשואַזיע, זי, די רוסישע בורזשואַזיע וועט אָנפיהרען די קולטורעלע אַרבייט פון דער מלוכה ווי ס'פּאַסט בעסער פאַר איהרע אינטערעסען. זי וועט זיך ציעלען — און מיט ערפאָלג

דערצו, אַז דער רעגירונגס=אַפּאַראַט זאָל זיך געפינען אונטער איהר
שליטה און אויסצונוצען אַלע מעלות פון איהר געהייבענערע· לאַגע
אויף צו אַסימילירען די „פיינדליכע" נאַציאָנאַלע קולטורען, אָבצו=
מעקען זייערע אייגענטהימליכקייטען, אַז זיי זאָלען אַלע בעקומען
איין געשטאַלט. אָט ווער ס'וועט פערווירקליכען דאָס „רעכט" פון
די פעלקער אויף נאַציאָנאַלע שוהלען. אָט ווער ס'וועט זיין בעל=
הבית איבער דעם „בילדונגס"=אַפּאַראַט.

פראָקלאַמירען דאָס רעכט פון די קליינע נאַציאָנען אויף נאַ=
ציאָנאַלע בילדונג און איבערלאָזען אין די הענד פון דער הערשענדער
בורזשואַזיע, אַז זי זאָל דאָס פערווירקליכען אין לעבען, הייסט צו=
זאָגען גילדערנע בערג און ניט געבען וואָס אַ האָר איז ווערט.

אָט דעם חסרון האָט אין זיך דער בעריהמטער § 8 אין דער
פּראָגראַם פון דער רוס. ס. ד. אַ. פּ., וועלכע ענטהאַלט אין זיך,
וועדליג אַנדערע ווילען האָבען, דעם גאַנצען אינהאַלט פון דער
נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. אָט דיזער פּאַראַגראַף זאָל פערוואָרענען
„דאָס רעכט פון דער בעפעלקערונג צו בעקומען בילדונג אויף דער
מוטער=שפּראַך, דאָס רעכט וועלכער איז גאַראַנטירט דורך דער
בעשאַפונג אויפ'ן חשבון פון דער מלוכה און די אָרגאַנען פון דער
זעלבסטפערוואַלטונג די לעהר=שולען, וועלכע זענען דערצו נויטיג".
אַ'ן אויסגעצייכענטער וואונש*); דאָס איז אַ גרויסער טריט פאָר=
ווערטס אין פערגלייך דערמיט, וואָס אין דעם פריהערדיגען פּראָג=
ראַם=פּראָיעקט האָט אַזאַ פּונקט גאָר אין גאַנצען געפעהלט — ניט
אומזיסט האָבען די פערטרעטער פון „בונד" זיך אַזוי שטאַרק איינ=
געשטעלט פאַר איהם אויפ'ן 2=טען צוזאַמענפאָהר פון דער פּאַרטיי,—
אָבער באמת איז דאָס דאָך ניט מעהר ווי אַ האַלבער טריט. וואָס
איז די פּעולה, וואָס די פּראָגראַם פאָדערט ס'זאָלען בעשאַפען
ווערען שוהלען, אין וועלכע מ'זאָל לערנען אויף דער מוטערשפּראַך,
ווען די בילדונגס=ענינים לאָזט זי איבער ביי יענע אין די הענד,
פון וועלכע מ'קען בשום אופן ניט ערוואַרטען די פערווירקליכונג
פון די „נויטיגע" שוהלען. וואָס איז די פּעולה פון דעם „פרומען
וואונש", ווען ס'בלייבט יענע אָרדנונג, ביי וועלכער אָט דער
וואונש מוז בלייבען אַ הוילע פראַזע. גלאַט רייִדען ווענען דעם

*) הגם א צו קארגער, מיט דער שפראך אליין קען מען נים יוצא זיין.
(מעד:ם)

„ר ע כ ט" פֿון דער בּעפֿעלקערונג אויף דער בּעפֿריעדיגונג פֿון זיינע געזעצליכער בּעדערפֿניס — בּילדונג אויף דער מוטער=שפּראַך — דאָס איז זעהר און זעהר קנאַפּ; ס'מוז עקזיסטירען אַ אָרגאַניזאַציע פֿון די פּאַסענדע איינריכטונגען, בּיי וועלכע פֿון אָט דעם „רעכט" זאָל ווערען אַ רעאַלער פֿאַקט.

ס'איז זעהר כדאַי צו פֿערגלייכען אָט דעם פּראָגראַם=פּונקט מיט דעם פֿאָלגענדען פּאַראַגראַף, וועלכער איז שטאַרק ענליך אויף איהם אַפילו אין די אויסדריקען: „אין די געגענדען וואו ס'וואָהנען עטליכע נאַציאָנען, מוזען די עפֿענטליכע לעהראַנשטאַלטען זיין אַזוי איינגעריכטעט, אַז יעדערע פֿון דיזע נאַציאָנען, ניט זענענדיג געצוואונגען צו לערנען אַ צווייטע שפּראַך, זאָל האָבּען די נויטיגע מיטלען אויף צו בּעקומען בּילדונג אין דער אייגענער שפּראַך".

אָט די ציטאַטע איז איינע פֿון די פּאַראַגראַפֿען פֿון דער קאָנסטיטוציע, וועלכע זענען אַרויסגעגעבּען געוואָרען דעם 21=טען דעצעמבּער 1867 און וועלכע עקזיסטירט נאָך עד היום אין עסטרייך, אין דעם אייגענעם עסטרייך וואו ס'קומט פֿאָר, ניט קוקענדיג אויף די שעהנע פּרינציפּיעלע הבטחות, אַ האַרטנעקיגער נאַציאָנאַלער קאַמפּף און אַ אונבּאַרמהערציגע אונטערדריקונג פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור און בּילדונג. אין בּכלל, ווען מ'זאָל פֿון אויבּען=אויף אַ קוק טהאָן אויף דער געשיכטע פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, זעהט מען גלייך, אַז שטענדיג, ווי נאָר אָט די פֿראַגע איז ווי ניט ווי אַרויפֿגעשוואומען, האָבּען די בּורזשואַזע פּאָליטיקער שטענדיג יוצא געווען דערמיט, וואָס זיי האָבּען הייליג אַנערקענט די גלייכבּערעכטיגונג פֿון אַלע נאַציאָנען, דאָס אונבּעריהרבּאַרע רעכט פֿון יעדער נאַציאָן אויף איהר מוטער־שפּראַך, אויף נאַציאָנאַלע שולען און כדומה, און שטענדיג זענען אָט די הייליגע הבטחות געבּליבּען הוילע דיבּורים: פּראָקלאַמירענדיג די רעכטען פֿון די נאַציאָנען, האָבּען אָט די שעהן=בּעפּוצטע פּאַראַגראַפֿען ניט בּעשאַפֿען יענע יורידישע אָ ר ג אַ נ י ז אַ צ י ע ס, וועלכע און נאָר וועלכע ס'וואָלטען געקענט פֿערווירקליכען אָט די רעכטען.

און דאָס וואָס איצט האָט זיך געענדערט די לאַגע אין פּאַרלאַמענט, וואָס איצט זענען די אַרבּייטער=פּאַרטייען אַרויסגעטראָטען אויף דער היסטאָרישער סצענע — האָט אין דעם פּרט גאָר ניט אומגעבּיטען. די ענטשידענסטע האַרטנעקיגקייט פֿון דער סאָצ.־דעמ.

קען ניט העלפען אויף דורכצופיהרען אין לעבען דעם פּרומען וואונש, ווען די מלוכה האט ניט די נויטיגע ארגאנען אויף צו פערווירקליכען איהם; דער ביטערסטער קאמפף פון דער ארבייטער-פּארטיי פאר דער ערפילונג פון דעם 8 § פון דער פּראגראם קען ניט פעהיג מאכען די מלוכה-מאכט פון דער בורזשואזער געזעל-שאפט צו שטעלען זיך איבער דעם נאציאנאלען קאמפף.

ביז איצט האבען מיר אלץ גערעדט וועגען דער פאלקס-בילדונג, האבענדיג אין זינען די צענטראלע ארגאנען פון דער רעגירונגס מאכט אדער, גערעדט אויפ'ן אפיציעלען לשון, דאס בילדונגס-מיניסטעריום; מיר האבען אלץ געהאט אין זינען די הויפּשטאדט. לאמיר איבערגעהען צו דער פּראווינץ. מיר ווילען זיך פארשטעלען די גינסטיגסטע לאגע: אויס מיט דעם ביורא-קראטיזם, א ברייטע ארטיגע און מעריטאריאלע זעלבסט פערוואלטונג (ווי ס'פאדערט דער 3-טער § פון דער פּראגראם פון דער רוס. פּארטיי), דער גרעסטער טייל פון די ענינים, וואס האבען א שייכות צו דער בילדונג, געהט איבער צו דער זעלבסט-פערוואלטונג. וואס זשע וועט יענסמאל אויסקומען? אט מאקע די אייגענע זאך, וועלכע מיר האבען שוין בעגעגענט, בעטראכטענדיג די „קולטו-רעלע" ארבייט פון די צענטראלע איינריכטונגען, נאר אין א ביסעל א קלענערען מאסשטאב. אזוי ווי יענע רוסלענדער געגענדען, וועלכע געהערען ניט צו צענטראל-רוסלאנד, בילדען ניט א א טעריטאריע, וועלכע זאל זיין בעוועסען פון איין איינארטיגער נאציאנאלער בעפעלקערונג, וועלען מיר וויעדער האבען צו טהאן מיט א סך פּראווינצען, אין וועלכע, ס'וואהנען צוזאמענגעמישט (און וואס ווייטער מישען זיי זיך נאך מעהר אויס) 2 אדער 3 פערשיעדענע נאציאנען. א וועלכע ניט איז ווילנער אדער באקו'ער זעלבסטפערוואלטונג וואלט זיך געפינען אין דער אייגענער לאגע, ווי דאס פּעטערבורגער מיניסטעריום; אויך די ערשטע וואלטע גענויטיגט זיין צוצופאסען זיך צו די בעדערפניכען פון פערשיעדענע מאסען, וועלכע געהערען צו פערשיעדענע פעלקער. דארטען, ביי די צענטראל-איינריכטונגען, וואלט די הערשענדע נאציאן מאיאריזירען די איבעריגע נאציאנען, נאר, ביי די פּראווינציעלע זעלבסטפערוואלטונג, וואלט מאיאריזירען יענע נאציאן, וועלכע בילדעט די מעהרהייט אין דער אדער יענער פּראווינץ.

דאַרטען אַזוי ווי דאָ וואָלט „דאָס רעכט צו בעקומען בילדונג איף דער מוטערשפּראַך“ געבליבען בלויז אַ פּאַפּירענער עטיקעט.

דאָס איז גאַנץ קלאָר, אַקוראַט ווי ס'איז קלאָר, אַז קיין סאָציאַל. דעמאָקראַטיע קען ניט בעזייטיגען די אונטערדריקונג פון דער מינדערהייט דורך דער מעהרהייט (די בורזשואַזע מעהרהייט!), ניט בעזייטיגענדיג פריהער יענע מלוכה־פאָרמען, וועלכע פּראָוואָ־צירען איינפאַך אָט די אונטערדריקונג. אין אַזאַ צרט מלוכה־פאָרם בילדען „אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע“ קולטורעלע איינריכטונגען, וועלכע געפינען זיך אויפ'ן פּאַפּיר אין די הענד פון דער גאַנצער בעפעל־קערונג, „אָהן אונטערשייד פון נאַציאָן“, וועלכע ליגען אָבער באמת'ן אין די הענד פון דער הערשענדער נאַציאָן.

צו דאָס וועלען זיין צענטראַלע איינריכטונגען, אָדער אָרטיגע, נאָר אַזוי ווי זיי נעהמען אַרום פערשידענע פעלקער און אַזוי ווי זיי האָבען צוזאָגען גראָד איבער יענע ענינים אין וועלכע ס'דריקט זיך אויס אויפ'ן ריינסטען און שאַרפסטען אופן דער נאַציאָנאַלער יסוד, וועט זיך דאָרטען שטענדיג אָבשפּיעלען דער נאַציאָנאַלער קאַמפּף, וועט שטענדיג געפינען פּלאַץ די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג. אָט די איינריכטונגען וועלען דיענען אַלס די בעסטע „ערבות“ דערפאַר, אַז דאָס צוגעזאָגטע „רעכט“ פון דער שוואַכער נאַציאָן וועט כסדר געטראָטען ווערען, און דאָס קולטורעלע לעבען פון יענעם פאָלק, וועלכער שפּיעלט ניט די ערשטע פידעל אין דער מלוכה אָדער אַפילו אין אַ וועלכער ניט איז היסטאָרישער טעריטאָריע, וועט זיך געפינען אונטערן דרוק פון אַ פרעמדער קולטור, וואָס אַסימילירט די „פרעמדע“ עלעמענטען ניט דערפאַר, מחמת זי שטעהט העכער, נאָר מחמת דעם, וואָס זי געפינט זיך אין אַ בעסערער פּאָליטישער לאַגע. אָט דער אומשטאַנד אַליין האָט געדאַרפט ערוועקען די סאָצ. דעמאָ־קראַטיע—די סאָצ. דעמ. וועלכע דערלאָזט נאָר די פרייע קאָנקורענץ פון די קולטורען און וועלכע זעהט אַ מורא'דיגען שאָדען אין דער פּאָליטיק, וועלכע וויל מיט געוואַלד ברייינגען די אַסימילאַציע פון דער מינדערהייט דורך דער מעהרהייט — אַז זי זאָל זיך אַרויס־זאָגען דערפאַר, דאָס די קולטורעלע פונקציעס דאַרפען איבערגעהען פון די „אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע“ צו די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע איינריכטונגען, וועלכע יעדע נאַציאָן קלייבט בעזונדער אויס.

נאָר מיר האָבען נאָך אַ כך אַ וויכטיגערען מאָטיוו. מיר האָבען

שוין געזאָגט, אַז די „אַלגעמיינע=נאַציאָנאַלע" איינריכטונגען, ביי די
צענטראַלע, סיי די אָרטיגע, סיי די איינריכטונגען פון גאַנצע
געגענדען, מוזען לויט זייער עצם כאַראַקטער נאָך אַרויסרופען
נאַציאָנאַלע סכסוכים. און אָט די אונפערמיידליכקייט פון די נאַציאָ=
נאַלע סכסוכים—שוין ניט ריידענדיג וועגען די אונטערדריקונג, צו
וועלכער זיי מוזען ברענגען —' דאַרף דינען פאַר אַן'ערנסטען גרונד
פאַר דער אָבשאַפונג פון יענע איינריכטונגען, וועלכע האַלטען
אונטער און ערנעהרען דורך זייער בלויזער עקזיסטענץ אַן'עלעמענט
פון דער רעאַקציע, וועלכער איז געפעהרליך פאַר דער פּראָלע=
טאַרישער בעוועגונג. אין דעם דאָזיגען פאַל זענען מיר מחויב
אָבצושאַפען אָט די איינריכטונגען: דאָס פאָדערן פון אונז אונזערע
פּרינציפּיעלע אַנזיכטען בכלל, און אונזער אַנזיכט אויף דער
נאַציאָנאַלער פראַגע בפרט.

די נאַציאָנאַלע פראַגע, אַקוראַט ווי יעדער אַנדערע פראַגע,
וועלכע געפינט אַ פּלאַץ אין דער כאָצ. דעמ. פּראָגראַם=מינימום
אינטערעסירט אונז ניט בלויז ווי ס'אינטערעסירט אונז די בעזייטי=
גונג פון יעדער אַנדער לאַסט, וועלכע ליגט אויף די פּלייצעס פון
דעם פּראָלעטאַריאַט. דער סאָצ. דעמ. שטאַנדפּונקט צווינגט אונז
שטענדיג צו בעטראַכטען יעדער פראַגע נאָך פון אַן'אַנדער זייט,
וועלכער פערנעהמט לויט איהר וויכטיגקייט דעם ערשטען אָרט.
מיר מיינען די בעשאַפונג פון גינסטיגערע בעדינגונגען פאַר דער
ענטוויקלונג פון דעם קלאַסענקאַמפף, פון דעם פּראָלעטאַרישען
קלאַסענבעוואוסטזיין. און ווען מ'זאָל פון דיזען שטאַנדפּונקט בע=
טראַכטען די בעדינגונגען, אונטער וועלכע דער בורזשואַזער
נאַציאָנאַליטעט=מלוכה קומט אויס צו פיהרען איהרע ענינים, מוז
די נאַציאָנאַלע פראַגע געלעזט ווערען אַזוי, ווי מיר האָבען אָנגע=
וויזען, שוין ניט ריידענדיג פון די אַנדערע טעמים, וועלכע מיר
האָבען אויבען געבראַכט.

מיר זענען איצט געקומען צו דער פראַגע וועגען דער בעַ=
דייטונג, וועלכע דער נאַציאָנאַלער קאַמפף וועט האָבען אין דעם
קומענדען קאָנסטיטוציאָנעלען רוסלאַנד. ווען אין איצטיגען רוסלאַנד
איז דער הויפט=מקור פון דער נאַציאָנאַליסטישער העצעריי דער
איצטיגער רעזשים, וועלכער דערלאָזט און רייצט אויף די נאַציאָנאַלע
שנאה נאָר אויף אַזוי פיעל, ווי פיעל דאָס איז נויטיג פאַר אַ...

וועלכער בינם הענד און פיס ביידע פיינדליכע צדדים און שטויסט זיי ביידען דערמיט — געגען דעם אייגענעם ווילען — אין איין לאגער פון די קעמפפער געגען דעם דעספאטישען רעזשים, — וועט אין דעם פרייעם רוסלאנד דאס בילד זיך ענדערן. אין אט דער צוקונפטיגער דעמאקראטיע, וואס וועט דינען פאר א פרוכטבארען באדען, פאר דער פאנאנדערבליהונג פון אלע טענדענצען פון דער קא=פיטאליסטישער ארדנונג — די פינסטערע אין איינעם מיט די ליכטיגע — אברייטער, באדען אויף וועלכער ס'וועלען קעמפפען פריי די פערשידענע גרופפען פון די קאפיטאליסטישע קאנקורענטען — אט דא וועט זיך ערשט פאנאנדערפלאקערן מיט דער גרעסטער האסט דער נאציאנאלער קאמפף, דער בעגלייטער פון דער קאפיטאליסטישער ענטוויקלונג. נאר גראד צוליב דעם, וואס דאס וועט זיין א נאציא=נאלער קאמפף, וועלכער ענטוויקעלט זיך אין די ראהמען פון א קאנסטיטוציאנעלער דעמאקראטישער מלוכה, וועט ער זיך בעצם אנטערשיידען פון די נאציאנאלע ככסוכים, וועלכע קימען יעצט ארויס אין דעם איצטיגען פערשקלאפטען רוסלאנד. די עלעמענטארע פארמען פון אונטערדריקונג, וועלכע בילדען דעם שורש פון דער איצטיגער נאציאנאלער פראגע — בעגרענצונגען אין רעכטען, אדמיניסטראטיווע פערבאטען, אויסנאהמס געזעצען און אז. וו. — זיי אלע וועלען יענסמאל נית עקזיסטירען. אבער גראד זיי דינען דער מלוכה, וועלכע פאלגט דעם רצון פון דער הערשענדער בורזשואזיע, פאר דעם איינציגען מיטעל צו דריקען די „פרעמדע" נאציאנען בנוגע צו די פאליטיש=סאציאלע פערהעלט=ניסען, וועלכע ליגען מחוץ לתחום פון די אייגענטליכע נאציאנאלע „אינטערעסען". אין יענע לעבענס=געביטען וואו דער איד טרעט ארויס נית אלס איד — ד. ה. נית אלס א מיטגליעד פון א געוויסער קולטורעלער גרופפע — נאר אלס פראדוצענט אדער קונה, אלס בירגער, וועלכער פערנעהמט זיך מיט א געוויסער פראפעסיע און אז. וו., האט די דעמאקראטישע מלוכה — אויף ווי פיעל זי בלייבט דעמאקראטיש — נית בכח צו שטעלען איהם אין א אויס=שליסליכער לאגע. איינפיהרען פאר איהם געוויסע בעגרענצונגען, אויסנאהמס=געזעצען — דאס קען זי נית צוליעב איהר דעמאקראטיזם; קעמפפען געגען איהם אויפ'ן לעגאלען וועג דורך געזעצען דאס קען נית דערגרייכען דעם ציעל, ווייל אויף ווי פיעל די געזעצען

בעריהרען געוויסע פּראָפעסיעס, קלאַסען, ניט אָבער בעשטימטע פאָרמען פון נאַציאָנאַלען לעבען, אויף אַזוי פיעל וועלען איהרע קלעפּ פאַלען ניט נאָר אויף די פּלייצעס פון דער אונטערדריקטער נאַציאָן, נאָר זיי וועלען טרעפען אויך אַנדערע שיכטען. פערפאָלגען אַ אידען אַ פּראָצענטניק, וואָלט הייסען פערפאָלגען — אַלע פּראָצענטניקעס בכלל; בעגרענצען די רעכטען פאַר אידען־פערמיטלער, וואָלט הייסען מאַכען אויסנאַהמסגעזעצען פאַר פערמיטלער בכלל; און דורך דעם וואָלט דער קאַמפּף איבערגעטראָגען ווערען פון דעם נאַציאָנאַלען באָדען אויפ'ן קלאַסען־באָדען.

נאָר אין יענע כפערען פון דעם פּאָליטישען לעבען וועט מען קענען צודריקען דעם אידען, וואו ער וועט אַרויסטרעטען אַלס איד: דאָס הייסט דאָרטען, וואו ס'וועט זיך האַנדלען וועגען קולטורעלע פראַגען. דאָ ווערען די בעדערפניסען פון דער אידישער בעפעלקערונג בעשטימט ניט נאָר דורך דעם, וואָס זי וואוהנט אין אַ געוויסען געגענד, פערנעהמט זיך מיט געוויסע עסקים, וואָס זי געהערט צו אַ בעשטימטען קלאַס — זיי ווערען אויך בעשטימט דורך דעם, וואָס אָט די בעפעלקערונג געהערט צו אַ בעשטימטער נאַציאָן. אָט דאָ קען מען צודריקען דעם אידען, ניט עובר־זענדיג דערביי אויף דעם דעמאָקראַטישען שולחן־ערוך און ניט בעריהרענדיג די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, וועלכע געהערט צו אַן אַנדער נאַציאָן; אָט דאָ — און אויך אין דער ספערע פון געזעלשאַפטליכען באָיקאָט, וועלכער האַלט אונטער ניט־אָפיציעל דאָס, פון וואָס די מלוכה האָט זיך געמוזט אָפיציעל אָבזאָגען.

אָט דאָ, אין דיזען געביעט פון די קולטורעלע ענינים — פון דער פאָלקס־שולע און אויך פון אַנדערע בילדונגס־אַנשטאַלטען, וועלכע פיהרען אָן ווי ענינים פון שפּראַך, וויסענשאַפט און קונסט — אָט דאָ וועט זיך צונויפקלייבען די גאַנצע ענערגיע פון דעם חוצפה־דיגען נאַציאָנאַליזם; דיזער געביעט וועט ווערען דער הויפּטפּלאַץ פון די נאַציאָנאַלע סכסוכים. אָט דאָ וועט אויסגעגאָסען ווערען דער גאַנצער האַס געגען דער „פרעמדער" נאַציאָן — דער האַס, וועלכען די רעאַקציאָנערע קרעפטען האָבען ערצויגען — וועלכער קען זיך ניט אויסדריקען אין אַנדערע צווייגען פון דעם מלוכה־לעבען, און וועלכער קאָנצענטרירט זיך דעריבער דאָרט, וואו די „נאַציאָנאַלע" סיכסוכים דריקען זיך הויפּטזעכליך אויפ'ן אָט דאָ וועט ליגען דער קאַנאַל וואוהין ס וועלען

זיך ציהען די אסימילאטארישע טענדענצען, יענע גערוועהר, מיט
וועלכען מ'וועט דורכפיהרען אין לעבען די שאוויניסטישע פלענער אויף
צו דערשטיקען דורך דער מעהררייט די „פרעמדע „נאציאנאלע גרופען.

און ווי באלד אז איין צד וועט אנפאלען, וועט זיך אויפהוי=
בען דער צווייטער צד אויף צו פערטיידיגען זיך, ס'וועט זיך אנ=
הויבען א מין מאביליזאציע פון נאציאנאלען זעלבסטשוץ. וואס זשע
וועט זיין דער פועל-יוצא דערפון? די „אלגעמיינע נאציאנאלע" ביל=
דונגסאנשטאלטען וועלען דינען פאר א קאמפס פלאץ, וואו ס'וועלען זיך
אבשפילען די הארטנעקיגסטע נאציאנאלע מלחמות. יעדער פראגע,
וועלכע וועט געשטעלט ווערען אין דער טאגעסארדנונג פון די אנ=
שטאלטען, יעדער נייע לעהרשולע, יעדער נייע וואקאנטע שטעלע,
יעדע אומענדערונג אין דעם סיסטעם פון די לימודים אדער יענע נייע
הוצאה אין דעם בודזשעט מוזען פיהרען צו א סיכסוך, צושפאלטענדיג
יעדער בעראטהונג, וואס וועט זיך פערנעהמען מיט אזוינע פראגען,
אויף 2 אדער מעהר פיינדליכע — מחנות, צו טיילענדיג די פערטרעטער
פון די פערשיעדענע נאציאנען לויט זייער נאציאנאלער אבשטאמונג.

די סאציאל-דעמאקראטיע וועט זיין אהנמעכטיג צו טהאן
עפעס געגען אט דער שטענדיגער מלחמה פון די פערטרעטער פון
די פערשיעדענע נאציאנען. נאך מעהר, הגם דיזער קאמפף שטאמט
פון דער בורזשואזיע, הגם ער ווערט געפיהרט דורך די בורזשואזע
גרופען פון די פערשיעדענע נאציאנען, פונדעסטוועגען קען די
סאציאל-דעם. ניט שטעהן פון ווייטען, דער פראלעטאריאט קען ניט
איבערלאזען דער בורזשואזיע, אז זי זאל פערטיידיגען זיינע לעהר=
שולען, ווייל זיינע ברענענדיגע אינטערעסען, זיינע קולטורעלע
בעדערפניסען טרייבען איהם אונפערמיידליך איינצושטעלען זיך
פאר די מיטלען, וואס זענען נויטיג פאר דער קולטורעלער ענט=
וויקלונג, איינצושטעלען זיך און קעמפפען געגען די פיינדליכע
רעאקציאנערע קרעפטען, וועלכע ווילען אונטער דעם שלייער פון
אסימיליאציע פערצוימען איהם דעם וועג צו בילדונג. ער וועט
מוזען אריינמישען זיך אין דעם קאמפף געגען דער בורזשואזיע פון
די „פרעמדע" נאציאנען, און כסדר ראנגלען זיך געגען איהר.
איהם וועט אויסקומען ניט ווילענדיג צו געהן האנד ביי האנד מיט
דער בורזשואזיע פון זיין אייגענער נאציאן, כדי צו פערטיידיגען זיך
געגען די אנפאלען פון דער בורזשואזיע, וועלכע געהערט צו אנ-

אַנדעֶר נאַציִאָן. עֶר ווֶעט געֶצוואונגעֶן זײַן אײַנצושטעֶלעֶן זיִך פאַר זײַן שפּראַך, פאַר זײַן לעֶהר־שולעֶ, פאַר זײַן קולטור, כדי צו בעֶשיִצעֶן זיי פון דעֶם פרעֶמדעֶן שונא. אָט דיִזעֶר קאַמפּף ווֶעט בעֶשאַפעֶן אַ באָדעֶן פאַר נאַציִאָנאַלעֶן פאַנאַטיִזם, נאַציִאָנאַלעֶ אָבגעֶזונדערטקייט; אויף אָט דעֶם באָדעֶן קעֶן אויסוואַקסעֶן דעֶר נאַציִאָנאַלעֶר האַס צו אַלץ, וואָס ס׳איִז ניִט אײגעֶנעֶ, וואָס געֶהעֶרט צו אַ פרעֶמדעֶר נאַציִאָן; פון דעֶר אַנדעֶר זײַט ווֶעט דיִזעֶר קאַמפּף טרײַבעֶן די אַרבײַטעֶר צו באַהעֶפטעֶן זיִך מיִט דעֶר „אײגעֶנעֶר" בורזשואַזיעֶ — זײער נאַטיִרליִכעֶן בונדעֶס־חבר איִן קאַמפּף געֶגעֶן די „פרעֶמדעֶ"; זי ווֶעט מיִטברײנגעֶן די פעֶסטעֶ פעֶרביִנדונג פון די פעֶרשיִעדעֶנעֶ קלאַסעֶן איִן איין נאַציִאָנאַלעֶן „בלאָק". עֶר ווֶעט צושטאַלטעֶן דעֶם בעֶוואוסטזײַן איִן דעֶם קאַמפּף פון דעֶם אַרבײַטעֶר, אַרויסרוקעֶנדיִג נעֶבעֶן דעֶם קלאַסעֶן־געֶגעֶנזאַץ די נאַציִאָנאַלעֶ שנאה און פעֶרבײַטעֶנדיִג דעֶם קאַמפּף געֶגעֶן די עֶקספּלואַטאַטאָרס דורך דעֶם קאַמפּף געֶגעֶן דעֶם „פרעֶמדעֶן" יאָך. אָט דעֶר שטעֶנדיִגעֶר נאַציִאָנאַלעֶר סיכסוך, וועֶלכעֶ ווֶעט בסדר אַוועֶקשטעֶלעֶן דעֶם בורזשואַ און דעֶם אַרבײַטעֶר איינעֶם נעֶבעֶן דעֶם אַנדעֶרן, אונטעֶר איין נאַציִאָנאַלעֶן לאָזונג געֶגעֶן דעֶם אַלגעֶמײנעֶם נאַציִאָנאַלעֶן פײנד, ווֶעט על פי טבע בעֶשאַפעֶן אַ געֶוויִסעֶ פסיִכאָלאָגיִשעֶ פעֶרביִנדונג צוויִשעֶן די צוויי בעצם פײַנדליִכעֶ קלאַסעֶן, ווֶעט פעֶרטושעֶן דעֶם קלאַסעֶן־איִנסטיִנקט, אונטעֶרהעֶצעֶן די נאַציִאָנאַליִסטיִשעֶ שטיִמונגעֶן, און הגם עֶר ווֶעט ניִט האָבעֶן בכח אויסצוואָרצלעֶן דאָס בעֶוואוסטזײַן פון דעֶם קלאַסעֶן-איִנטעֶרעֶס, ווֶעט עֶר דאָך זײַן אַ מורא׳דיִגעֶ מניעה, וועֶלכעֶ ווֶעט שטעֶרעֶן צו פעֶרשטעֶהן דיִזעֶן איִנטעֶרעֶס קלאָר און דײַטליִך, איִן זײַן רײנעֶר געֶשטאַלט, אָהן זײַטיִגעֶ פלאַנטעֶרניִסעֶן.

צו דאַרף מעֶן נאָך געֶבעֶן צו פעֶרשטעֶהן, ווי שעֶדליִך ס׳איִז פאַר דעֶר סאָצ.־דעֶמאָקראַטיעֶ אַזאַ לאַגעֶ, וואָס פאַר אַ פעֶרפעֶסטעֶטעֶ לופט ס׳וועֶרט בעֶשאַפעֶן אַרום די בעֶוואוסטזיִניִגעֶ פראָלעֶטאַריעֶר, וועלכעֶ זעֶנעֶן געֶצוואונגעֶן יעֶדעֶ מיִנוט צו אַמפּעֶרן זיִך געֶגעֶן די שאָוויִניִסטיִשעֶ שטיִמונגעֶן, כסדר צו קעֶמפפעֶן געֶגעֶן דעֶם נסיון פון נאַציִאָנאַליִסטיִשעֶר פעֶרדאָרבעֶנהײַט, מיִט וועֶלכעֶר זיי וועֶלעֶן זיִך שטעֶנדיִג בעֶגעֶגעֶנעֶן איִן זײַער פּראַקטיִשעֶר פּאָליִטיִשעֶר אַרבײַט. וואָס פאַר אַן׳עֶרנסטעֶר פאַקטאָר ס׳זאָל ניִט זײַן דאָס בעֶוואוסטזײַן פון דעֶר פראָלעֶטאַריִשעֶר סאָליִדאַריטעֶט, דאַרף מעֶן אָבעֶר ניִט פעֶרגעֶסעֶן,

אַז דיזעס בעוואוסטזיין איז ניט געגעבען געוואָרען ווי אַ פּערטיגע זאַך, וועלכע איז אייביג און ביט זיך קיין מאָל ניט; דערינען גופא בעשטעהט טאַקי א נזער אויפגאַבע, אַז מיר זאָלען פּער־שטאַרקען און ענטוויקלען אָט דיזעס בעוואוסטזיין, און דיזער אויפגאַבע אונזערער שטעלט זיך אין וועג די מזרא'דיגע מניעה, וועגען וועלכער מיר האָבען גערעדט.

צו איז ניט קלאָר, אַז גראָד פון יענעם סאָצ. דעמאָקראַטישען שטאַנד פּונקט, וועלכער פאָדערט אַ ענטשלאָסענעם און כסדר'דיגען קאַמפּף פאַר אַזוינע פּאָליטישע פאָרמען, וועלכע זאָלען ביי דער איצטיגער אָרדנונג פערקלענערן די מניעות, וואָס שטערען אויסצו־אַרבייטען אַ קלאָרען, אָהן שום פסולת, פּראָלעטאַרישען בעוואוסטזיין — , אַז פון דיזעם שטאַנד פּונקט וואָלט געווען אַ גרויסע זינד צו מאַכען זיך כלא ידע פון דער אָנגעוויזענער מניעה, ניט פּרובירענדיג אַפילו צו בעזייטיגען איהר פון אונזער וועג.

די הויפּט־צרה פון די „אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע" קולטורעל'ע איינריכטונגען בעשטעהט אין דעם, וואָס זיי ערנעהרען די נאַציאָ־נאַליסטישע אויפגערעגטקייט.

די נאַציאָנאַליסטישע אויפגערעגטקייט קען נאַטירליך ניט געהיילט ווערען דורכדעם, וואָס מ'וועט כסדר רייצען דעם קראַנקען גליד דיזער גליד' דאַרף אָדער געהיילט אָדער בעזייטיגט ווערען. ער טאָר ניט בלייבען אַלס אַ מקור פון ווייטערדיגע קראַנקהייטען. ווייטער לאָזען אַזאַ לאַגע טאָר מען ניט.

ניט די מלוכה, ניט די אָרגאַנען פון דער זעלבסטפערוואַלטונג, בכלל ניט די אַלע איינריכטונגען, וועלכע בעשטעהען פון פער־טרעטער פון פערשידענע נאַציאָנען, דאַרפען זיך ניט פערנעהמען מיט אָט די „קראַנקע" פונקציעס. אָט דיזער צוויג פון געזעלשאַפט־ליכען לעבען דאַרף אַרויסגענומען ווערען פון זייערע הענד. אַזוי ווי מ'קען זיך אָבער מיט אָט די פונקציעס ניט פערלאָזען אויף דער פּריוואַטער איניציאַטיווע, מוזען זיי איבער־געגעבען ווערען אין די הענד פון די נאַציאָנען. אויף אַזאַ אופן צוימען זיך אָב די נאַציאָנען איינער פון די אַנדערע. יעדערע פון זיי פיהרט אָן זעלבסשטענדיג אָהן דעם אַנטייל פון אַנדערע נאַציאָנען, איהרע קולטורעלע ענינים. ס'וועט בעזייטיגט יערע בויטיגקייט פון קאַמפּף און געגענזייטיגע סכסוכים. ס'עפענט זיך

אַ ברייטער פּלאַץ פאַר אַ ריינעם קלאַסענקאַמפּף אין די ראַהמען פון יעדער נאַציאָנאַלער גרופּע, אַ קאַמפּף, וועלכער ווערט ניט פערדונקעלט און פערהויקעלט דורך דער נויטיגקייט איינצושטעלען זיך אין דעם פּראָצעס פון די נאַציאָנאַלע סיכסוכים פאַר די אינטערעסען פון דער אייגענער נאַציאָן; דער קלאַסענקאַמפּף ווערט אָבגערייניגט און פעראיינפאַכט. אויף אָנצופיהרען איהרע קולטורעלע ענינים — און נאָר צוליבּ דעם צוועק — בילדעט יעדע נאַציאָן אַ יורידישע קאָלעקטיווע איינהייט. די אָרגאַנען, וועלכע זענען נויטיג דערצו, אַז די „יורידישע פּערזאָן" זאָל קענען פונקציאָנירען, ווערען אויסגעקליבּען אויף דעמאָקראַטישע יסודות דורך אַלגעמיינע וואַהלען. אָט די אָרגאַנען נעהמען איבּער בּיי דער מלוכה איהר שליטה אויף די קולטורעלע ענינים פון דער אָדער יענער נאַציאָן. אויף וויפיל ס'עקזיסטירען אַזוינע קולטורעלע בעדערפניסען, וועלכע זענען אַלגעמיין פאַר'ן גאַנצען לאַנד, און וועלכע זענען ניט נאָך די קרעפטען פון דער איינצעלנער נאַציאָן, ווערען זיי בעפרידיגט דורך אַ פערטרעטונגען בונד פון נאַציאָנאַלע סיימען. דיזער בונד בעשאַפט צו גלייכער צייט אַ פונדאַמענט, אויף וועלכען די פּראָלעטאַריער פון פערשידענע נאַציאָנען קענען פעראייניגען זייערע קרעפטען אַפילו אין דעם תחום פון יענע פראַגען, בנוגע צו וועלכע די נאַציאָנען זענען „אָבגעצוימט' איינע פון די אַנדערע.

דעריִנען ליגט דער תוכן פון דער קולטור־נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אין איהר ריינער געשטאַלט. די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע איז, מיט אַנדערע ווערטער אויסגעדריקט — די נאַציאָנאַלע זעלבּסטפערוואַלטונג. דערבּיי איז די נאַציאָן דער איינציגער בעל־דעה בלויז אין דעם געבּיעט פון יענע פראַגען, אין וועלכע ס'דריקט זיך אויס דאָס נאַציאָנאַלע לעבּען אַלס אַזעלכער, דאָס הייסט, אין דעם געבּיעט פון די קולטורעלע פראַגען. דערמיט איז בעשרענקט איהר קאָמפּעטענץ, פאַר די איבּעריגע ענינים און פונקציעס הערט אויף דער „נאַציאָנאַלער פעראיין" צו עקזיסטירען. זיינע מיטגליעדער טרעטען דאָ אַרויס ניט אַלס פערטרעטער פון דער נאַציאָן, נאָר ווי איינפאַכע איינוואָהנער פון דער אָדער יענער אַדמיניסטראַטיווער איינהייט, אַלס וועהלער אין די אָדער יענע איינריכטונגען פון דער טעריטאָריאַלער זעלבּסטפערוואַלטונג. אָט די פונקציעס געהען אַריבּער

צו דער פערוואַלטונג פון די אַלגעמיינע איינריכטונגען, בעת די ערשטע געהט אַריבער אין די הענד פון די נאַציאָנאַל־אויטאָ־נאָמע איינריכטונגען.

מיר געפינען ניט פאַר מעגליך צו געהען איצט ווייטער אוידער יענע אַלגעמיינע דירעקטיווען בנוגע צו דער דאָזיגער פראַגע, די אויסאַרבייטונג פון די פרטים געהערט יענער צוקונפט, ווען אויף׳ן גרונד פון אונזערע פראָגראַם־פונקטען וועלען אויסגעאַרבייט ווערען די קאָנקרעטע געזעץ־פּראָיעקטען. דער פּרינציפּיעלער אינהאַלט, אין וועלכען ס׳איז וויכטיג קלאָר צו ווערען שוין איצט, ווערט אויס־געדריקט אין צוויי ווערטער: נאַציאָנאַלע זעלבסט־פערוואַלטונג.

מיר שטעהען דערפאַר, ערשטענס, ווי פאַר דעם פּרינציפּ פון דער זעלבסטפערוואַלטונג, וועלענדיג דערמיט אונ־טערשטריכען, אַז די אינדיווידועלע פרייהייט, די פרייהייט פון יחיד, איז נאָך צו ווייניג, אַז דאָס בלויזע פּראָקלאַמירען די רעכטען פערוואָרענען נאָך ניט די פרייהייט; ס׳מוזען בעשאַפען ווערען די נויטיגע קאָלעקטיווע אָרגאַנען, וועלכע אן נאָר וועלכע ס׳קענען דיענען אין אַ גרעסערען אָדער קלענערען גראַד פאַר אַ גאַראַנטיע פון דער ווירקליכער גלייכבערעכטיגונג.

צווייטענס, איז די נאַציאָנאַלע זעלבסטפערוואַלטונג וויכטיג פאַר אונז גראַדע אַלס נאַציאָנאַלע: דערמיט ווילען מיר אונטערשטריכען, אַז יענע קאָלעקטיווע איינהייט, אין וועלכער מיר זעהען די ערבות פון אַ פרידליכער לעזונג פון דער פראַגע, דאַרף זיין ניט די טעריטאָריאַלע, נאָר די נאַציאָנאַלע; אין איהר בעטייליגען זיך ניט די איינוואָהנער פון דער אָדער יענער געגענד, נאָר די מיטגליעדער פון אַ בעשטימטער נאַציאָן, אויף וואָסער טע־ריטאָריע זיי זאָלען ניט וואָהנען.

מיר טרעטען ניט אַרויס אַלס געגנער פון דער טעריטאָ־ריאַלער זעלבסט־פערוואַלטונג. אין אַזאַ מורא׳דיג גרויסען לאַנד ווי רוסלאַנד, מוז די אינערליכע פערשידענהייט פון די אָרטיגע בעדינגונגען נאַטירליך אַרויסרופען אַ געוויסע דעצענטראַליזאַציע, וועלכע איז נויטיג און נוצליך. מיר זאָגען בלויז, אַז די נאַציאָ־נאַלע פראַגע ווערט ניט געלעזט דורך דער טעריטאָריאַלער זעלבסט־פערוואַלטונג, זי ווערט ניט געלעזט צוליעב דער איינפאַכער

אורזאַכע, וואָס די בעגריפען „נאַציאָן" און די „בעפעלקערונג פון אַ געוויסער טעריטאָריע" פאַלען ניט צוזאַמען. מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, אַז די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע קען אין בעסטען פאַל בעפרייען פון נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג יענע נאַציאָן, וועלכע שפּיעלט די הערשענדע ראָלע אין דער דאָזיגער פּראָווינץ, פאַר די איבעריגע נאַציאָנען, וואָס געפינען זיך דאָרטען, פערענטפערט זי ניט די נאַציאָנאַלע פראַגע. מיר וועלען נאָך צוגעבען, אַז אפילו די מיטגליעדער פון דער הערשענדער נאַציאָן זענען פריי, נאָר כל זמן זיי בלייבען אין דעם תחום פון „זייער" פּראָווינץ. אַריבער־שפּרייזענדיג דיזען תחום, זענען זיי שוין מעהר ניט פריי און בעקומען איבער זיך אַנ'אויבערהאַר אין דער געשטאַלט פון דער נאַציאָן, וועלכע איז פון איהר זייט דער בעל־דעה איבער „איהר" טעריטאָריע.

ליידער אָבער, איז די טעריטאָריאַלע אויטאָנאָמיע, אַלס אַנ'ענטפער אויף דער נאַציאָנאַלער פראַגע, ביז איצט געווען אַ פּאָפּולערערער לאָזונג, איידער די נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע. די פאַלשע טראַדיציעס פון דעם טעריטאָריאַליזם, וועלכע מ'האָט אַריבערגעטראָגען אין דעם געביעט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע, האָבען געבראַכט צו דיזער פאָרשטעלונג. פון דיזע טראַדיציעס מוז מען זיך אָבזאָגען. וואָס פאַר אַ פּאָזיציע מ'זאָל ניט פערנעהמען אין דעם טעאָרעטישען ויכוח וועגען דעם, צי קען אַ בעשטימטע גרופּע מענשען רעכענען זיך פאַר אַ נאַציאָן אָהן אַ טעריטאָריע, אָדער ניט, אין דער רעאַלער פּאָליטיק מוז מען אונבעדינגט זיך רעכענען מיט דעם אונצווייפעלהאַפטען פאַקט, אַז קיין נאַציאָן, וואָס (יעדענ־פאַלס פון די אונטערדריקטע נאַציאָנען) פאַר אַ מעהרהייט פון איהר ס'זאָל ניט בעזעצען אַ בעשטימטע טעריטאָריע, פערנעהמט ניט דורכאויס די גאַנצע טעריטאָריע, ניט איבערלאָזענדיג קיין פּלאַץ פאַר אַנדערע.

דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פון די נאַציאָנען, און מיט דיזער היסטאָרישער טענדענץ מוז זיך רעכענען אין זיין פּאָליטיק יעדער סאָציאַל־דעמאָקראַט. אויב דער קאַפּיטאַליזם בריינגט ניט אין דער אמת'ן צו דער צושטויבונג און צערשטרייאונג פון די נאַציאָנען איבער דעם גאַנצען שטח פון דער מלוכה (ווי דאָס דוכט זיך דעם אָדער יענעם „מאַרקסיסט")

מאַכט עֶר אָבֶּער בְּלִי ספק אַ סוֹף צוּ דִי אָבּגֶעשְׁלאָסֶענֶע, אָבּגֶעזוּנדֶערטֶע נֶעגֶענדֶען מִיט אַנ׳אֵיינהֵייטלִיכֶער נאַציאָנאַלֶער בֶּעפֶעלְקֶערוּנג. עֶר מאָבּילִיזִירט דִי בֶּעפֶעלְקֶערוּנג, מאַכט זִי בֶּעוֶועגלִיךְ, טְרֵייבּט מאַסֶען מֶענשֶׁען פוּן אֵיין שְׁטאָדט אִין דִי אַנדֶערֶע, צוּרֵייסט דִי פֶערבִּינדוּנג צווִישֶׁען דֶער בֶּעפֶעלְקֶערוּנג אוּן דֶער עֶרד, אוּן אִין יֶעדֶער מֶעהר אָדֶער ווֶענִיגֶער בֶּעדֵייטֶענדֶער טֶערְרִיטאָרִיֶע ווֶערט אוֹיף אֵייבִּיג פֶערשְׁוואוּנדֶען דֶער אֵיינהֵייטלִיכֶער נאַציאָנאַלֶער קאָלִיר. אָט צוּלִיעֶב דִיזֶער טֶענדֶענְץ גֶעהֶען זִיךְ אַלְץ ווֵייטֶער פאַנאַנדֶער דִי טֶערִיטאָרִיאַלֶע פְרַאגֶע פוּן דֶער נאַציאָנאַלֶער — דִי צווֵיי פְרַאגֶען, ווֶעלכֶע זֶענֶען עֶנג פֶערבּוּנדֶען צוּזאַמֶען אִין דֶעם פאַל, ווֶען מִיר האָבֶּען צוּ טהאָן מִיט אַ טֶערִיטאָרִיֶע, ווֶעלכֶע אִיז גֶעפאַרבְּט אִין אַנ׳אֵיינהֵייטלִיכֶען נאַציאָנאַלֶען קאָלִיר. דִי טֶערְרִיטאָרִיאַלֶע זֶעלבְּסט־פֶערוואַלטוּנג — זִי האָט זִיךְ אִיהר אֵייגֶענֶע בֶּעדֵייטוּנג אוּן ווֶערט, אוּן גִיט אַנ׳עֶנטפֶער אוֹיף אַ גאַנצֶע רֵייהֶע בֶּעדֶערפְנִיסֶען, ווֶעלכֶע טְראָגֶען אַ טֶערְרִיטאָרִיאַלֶען כאַראַקטֶער. דִי נאַציאָנאַלֶע פְרַאגֶע האָט אָבֶּער דֶערצוּ קֵיין שׁוּם שַׁייכוּת נִיט אוּן זִי פאָדֶערט אַ בֶּעזוּנדֶערֶע לֶעזוּנג. כְּדֵי דִי אַלגֶעמֵיינֶע פאָרמוּל „זֶעלבְּסט־פֶערוואַלטוּנג״ זאָל קֶענֶען גֶעבֶּען אַנ׳עֶנטפֶער אוֹיךְ אוֹיף דִיזֶע אוֹיפגאַבֶּע, מוּז מֶען פֶערבּרֵייטֶען דֶעם פֶערְעֶלטֶערטֶען אוּן אוּנבְּרוֹיכְבּאַרֶען בֶּעגְרִיף טֶערִיטאָרִיֶע, דוּרךְ אַנ׳אַנדֶערֶען, רֶעכֶענֶענדִיג זִיךְ דֶערבֵּיי מִיט דִי הִיסטאָרִישֶׁע טֶענדֶענצֶען פוּן דֶער אִיצטִיגֶער קאַפִּיטאַלִיסטִישֶׁער אָרדנוּנג. אָט דִיזֶער אַנדֶערֶער בֶּעגְרִיף אִיז דִי נאַציאָן, אַלְס אַ סוּמֶע פוּן אַלֶע יחידים, ווֶעלכֶע גֶעהֶערֶען צוּ אַ בֶּעשְׁטִימטֶער הִיסטאָרִישׁ־קוּלטוּרֶעלֶער גְרוּפֶּע, אוּנאָבְּהֶענגִיג דֶערפוּן, וואָס זֵיי וואָהנֶען אוֹיף פֶערשִׁידֶענֶע טֶערִיטאָרִיֶעס.

אוֹיף דֶער נאַציאָנאַלֶער פְרַאגֶע גִיט אַ גֶענִייעֶן עֶנטפֶער בְּלוֹיז דִי נאַציאָנאַלֶע אוֹיטאָנאָמִיֶע.

דִיזֶע פאָדֶערוּנג צוּזאַמֶען מִיט דִי אִיבְּרִיגֶע אוּנזֶערֶע פאָדֶערוּנגֶען אִין דִיזֶעם גֶעבִּיעט — בִּירגֶערלִיכֶע גְלֵייכבֶּערֶעכטִיגוּנג פאַר דִי אִידֶען אוּן דִי פאָלבֶּערֶעכטִיגוּנג פוּן דֶער אִידִישֶׁער שְׁפְּראַךְ — בִּילדֶען אוּנזֶער פְּראָגְראַם בְּנוֹגֵעַ צוּ דֶער נאַציאָנאַלֶער פְרַאגֶע.

~~~~~~~~
~~~~~~~~

## די רעזאָלוציע וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען אויפ'ן 6־טען צוזאַמענפאָהר פון „בונד" וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

נעהמענדיג אין אַנבעטראַכט, אַז די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג אין אַלע איהרע פאָרמען, פערדונקעלענדיג דאָס בעוואוסטזיין פון דעם פראָלעטאַריאַט, רופט זיך אָב אויף דעם שעדליכסטען אופן אויף די אינטערעסען פון בעפרייאונגס־קאַמפף פון דעם גאַנצען פראָלעטאַריאַט פון דער מלוכה אין פאַלט מיט איהר גאַנצער משא אויף דעם אַרבייטער־קלאַס פון דער אונטערדריקטער נאַציאָן מיט דעם, וואָס זי פערהאַלט די ענטוויקלונג פון זיינע קרעפטען אין אַלע געביעטען פון זיין לעבען און פיהרט אַראָב זיין קלאַסענקאַמפף פון ריכטיגען וועג — איז דער הויב פון דער כאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו קעמפפען געגען יעדער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, סיי דירעקטע, סיי אינדירעקטע.

אַנערקענענדיג, אַז נאָר דער סאָציאַליזם, וועלכער וועט אויסוואָרצלען אַלע פאָרמען פון קלאַסענהערשאַפט, וועט אויך בריינגען די פאָלקאָמענע בעפרייאונג פון יעדער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, מוז די סאָצ.־דעמאָקראַטיע אין די גרענעצען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג שטרעבען צו ערקעמפפען יענעם מאַקסימום פערזיכערונג געגען נאַציאָנאַלע קאָנפליקטען, וועלכע איז מעגליך צו דערגרייכען אין דער בורזשואַזער געזעלשאַפט.

נעהמענדיג ווייטער אין אַנבעטראַכט, אַז אַלס אַזאַ פערזיכערונג קענען דיענען — אויסער דער אַלגעמיינער דעמאָקראַטיזירונג פון דער מלוכה־אָרדנונג און די געוועהנליכע גאַראַנטיעס פון דער בירגערליכער און פאָליטישער גלייכבערעכטיגונג ווי אויך דער גלייכבערעכטיגונג פון דער שפּראַך — נאָר די בעשאַפונג פון אַזעלכע מלוכה־רעכטליכע איינריכטונגען, וועלכע מאַכען מעגליך פאַר יעדע נאַציאָן א פרייע קולטורעלע ענטוויקלונג, אַז צוליעב דעם, וואָס רוסלאַנד איז בעוואָהנט פון פערשיעדענע פעלקער, וועלכע ווערען אַלץ מעהר און מעהר צונויפגעמישט ביי דער ענטוויקלונג פון דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, איז אונמעגליך זיי טעריטאָריאַליש פאַנאַנדערצוגרענעצען קענען די אויבענדערמאָהנטע מלוכה־רעכטליכע איינריכטונגען זיך אויסגיסען נאָר אין א אויסער־טעריטאָריאַלער פאָרם, אין א פאָרם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע; נעהמענדיג דאָס אַלץ אויף

בעֶטראַכט, פאָרמוליִרט דער 6 טעֶר=צוזאַמעֶנפאָהר פון „בונד", זײַענדיג בכלל אײַנשטימיג מיט דער פאָזיציעֶ, אויף וועֶלכעֶר דער פעֶרטעֶר צוזאַמעֶנפאָהר האָט זיך געֶשטעֶלט מיט דער רעֶוואָלוציעֶ וועֶגעֶן דיזעֶר פראַגעֶ, די פראָגראַם פון „בונד" אין דער אידישעֶר נאַציאָנאַלעֶר פראַגעֶ אין פאָלגעֶנדעֶ פונקטעֶן:

1) פאָלעֶ בירגעֶרליכעֶ און פאָליטישעֶ גלײַכבעֶרעֶכטיגונג פאַר אידעֶן.

2) אַ מעֶגליכקײַט פאַר דער אידישעֶר בעֶפעֶלקעֶרונג, גאַראַנטירט דורכ'ן געֶזעֶץ, צו בעֶנוצעֶן די אײגעֶנעֶ שפּראַך און די אויפטאַגעֶן מיט דעֶם געֶריכט און מיט די אײַנריכטונגעֶן, ווי פון דער מלוכה אַזוי אויך אָרטיגעֶר און טעֶריטאָריאַלעֶר זעלבסטפעֶרוואַלטונג.

3) נאַציאָנאָל=קולטורעֶלעֶ אויטאָנאָמיעֶ: אויסשליסעֶן פון דעֶם רשות פון דער מלוכה, אַזוי אויך פון דער אָרטיגעֶר און טעֶריטאָריאַלעֶר זעֶלבסטפעֶרוואַלטונג די פונקציעֶס, וועֶלכעֶ זעֶנעֶן פעֶרבונדעֶן מיט קולטור=פראַגעֶן (פאָלקס=בילדונג און אַנד.) און איבעֶרגעֶבעֶן זײ דער נאַציאָן זעֶלבסט אין דער געֶשטאַלט פון בעֶזונדעֶרעֶ אײַנריכטונגעֶן, ווי אָרטיגעֶ, אַזוי אויך צעֶנטראַלעֶ, געֶוועֶהלט פון אַלעֶ מיטגליעֶדער אויפ'ן גרונד פון אַלגעֶמײַנעֶר, גלײַכעֶר, דירעֶקטעֶר און געֶהײמעֶר אָבשטימונג.

4) אַנמעֶרקונג: די נאַציאָנאַל=קולטורעֶלעֶ אויטאָנאָמיעֶ געֶהמט ניט אָב פון דער צעֶנטראַלעֶר געֶזעֶצגעֶבעֶנדעֶר מאַכט דאָס רעֶכט אײַנצושטעֶלעֶן געֶוויסעֶ נאָרמעֶן, וועֶלכעֶ אַלעֶ זעֶנעֶן מחויב אָנצונעֶהמעֶן, און פראַגעֶן, וואָס האָבעֶן אַן אַלגעֶמײַנעֶ בעֶדײַטונג פאַר אַלעֶ נאַציאָנעֶן פון רוסלאַנד וו. צ. ב., אַז אַלעֶ מוזעֶן בעֶקומעֶן אָנפאַנגס=בילדונג, אַז די למדים מוזעֶן טראָגעֶן אַ רײַן וועֶלטליכעֶן כאַראַקטעֶר און אַזוי ווי. און דאָס רעֶכט צו קאָנטראָלירעֶן, אַז די אַלעֶ נאָרמעֶן זאָלעֶן אָבגעֶהיט ווערעֶן.